ליטעראַטור פֿאַר דער שול



ליטעראטור פאר דער שול

נאָטע לוריע

# דער סטעפּ רופט

ראָמאַן

באארבעט פאר דער
שול פונעם אויטאר



מעלוכע־פארלאג פון ווייסרוסלאנד
נאצסעקטער

מינסק 1934

# דער סטעפּ רופט

## ערשטער קאַפּיטל

שעפטל קאָבילעצ איז אפ זײַנ פאָר בולאַנע מיט א טראַסקענ אינ די רעדער דורכגעפאָרנ פארבײַ דעם נאוואָרעוויטשער. באַשטאנ אונ אראָפּגעלאָזט זיכ מיט א געדיכטנ פארנאַכטיקנ שטויב באַרג־אראָפּ צו דער הרעבליע. איבער דעם שטאַרק צעגרינטנ באשטאנ, וואָס שפּרייט זיכ ביז די הולײַפּאָליער מאָחילקעס, האָט זיכ שוינ געגומענ אראָפּלאָזנ די צעפּאַליעטע זונ אונ זיכ פאנאנדערגעגאָסנ אינ א בלוטיקער שקיִע. דער געדיכטער באשטאנ האָט זיכ שטיל געוויגט, געאָטעמט אונ גערוישט מיט די שפּיציקע קוקורוזע־בלעטער אונ מיט די געלבלעכ־פאנאנדערגעבליטע זונענ־רויזנ.

שעפטל קאָבילעצ איז ברייט אינעם הויכנ וואָגנ אפ אביסל בוריאַנ געזעסנ אונ איז אונטערגעשפּרונגענ צוזאמענ מיט דער אקס אפ די הרודעס. ער האָט זיכ מיט די גרויסע שוואַרצ־פּאַס־ליאָנ־אויגנ פארקוקט אפנ באשטאנ, א שמאָרכע געטאָנ מיט דער עסוואָס פאריסענער נאָז אונ מיט ווייטעק דורכ די ציינ אויס־געשפּיגנ.

סע גייט זיי, די נאוואָרעוויטשער, סארא סאָנעשניקעס זײַ־נענ עס אויסגעוואקסנ, ניאָ, א פּאָחיבעל אפ זיי... דער רועכ נעמט זיי נאָכ ניט...

ער האָט אלצ פונ דער ווײַט געקוקט אפנ באשטאנ, ווי ער וואָלט אפנ לינקנ צוגעשטורעטנ אויג געפּרוּווט אָפּוועגנ וויפל רײַנע קערלעכ וועלנ נעבנ די רויִקע דעסיאטינעס פונ נאוואָרע־וויטשער קאָלעקטיוו.

— א כוואראָבע אינ זיי, וואָס טויג דאָס מיר, אז עס איז סײַ־ ווי ניט מײַנס... קודי, קורנאָסער!..

שעפטל איז איצט געפאָרנ פונ א נאָענטנ ייִדישנ כוטער „האַ־לושקעס“. ער האָט מיט דער פור זיכ היפש דאָרט ארומגעדרייט איבערנ כוטער אונ געזוכט דאָרט צו דינגענ עטלעכע הענט צו זיכ אפנ טאָק. אונ געפאָרנ איז ער צוריק מיט ליידיקנ, געווענ אינקאעס אפ די פערד, וואָס ער האָט זיי אומזיסט אינ כוטער געטריבנ, אונ געהאט פארדרוס אפנ באשטאנ, וואָס איז אזוי געראָטנ אופגעגאנגענ אפ פרעמדער אונ ניט אפ זײַנ ערד.

מיט א פארנאכטיקנ שטויב האָט ער זיכ אפ דער הרעבליע אָנגעטראָגנ אונ די בולאנע האָבנ זיכ געלאָזט אינ דריבנעם טראָט.

הינטנ, בא דער הרעבליע, האָט זיכ דער סטאווואָק אינ מוטנע כוואליעס געבויטעט, אונ פונ יענער זײַט סטאווואָק באם שיטערנ טשערעט האָט זיכ די שקיִע פאנאנדערגעגאָסנ א פײַערדיק־רויטע. ניט ווײַט פונעם טשערעט איז געשטאנענ א מויד אונ געשווענקט א קאָפטע. שעפטל האָט זיכ אויסגעדרייט מיט דער קײַלעכדיקער, עטוואָס ארומגעוואָקסענער מאָרדע, דערזענ פונדערווײַטנ די פרעמדע, ניט בוריאנאָוקער מויד אונ א צי געטאָנ די לייצעס.

די פערד זײַנענ אוועק פאמעלעכער.

עלקע רודנער, דאָס נײַנצניאָריקע בלאָנדע מיידל, איז אהער אפנ כוטער געקומענ ניט לאנג פונ קאָוואלעווסקער קאָלעקטיוו.

באטאָג, ווענ זי האָט זיכ אינ קאָלעקטיוו־הויפ געפאָרעט מיטנ טראקטער, גערייניקט דעם קאָרביוראטער, צוגעגרייט דעם אינטער צום באנאכטיקנ ארויספאָר אפ די ווייצ, איז פונ ראיאָנעם פאר־טיי־קאָמיטעט אָנגעקומענ א פארכאסמעטער פאַקעט אינ קאָוואַ־לעווסקער פארטיי־קעמערל.

אפ א שמאָל שטיקל פאפיר איז ענג אָנגעשריבנ געווענ מיטנ רויטנ טינט:

„ניט געקוקט אפנ ווּקס פונ דער צאָל קאָלעקטיווע ווירט־שאפטנ בא אונדז אינ ראיאָנ אונ דעם דראנג פונעם אָרעמנ

און מיטעלן פויער אין די קאָלווירטן, איז אפּ בוריאַנאָווקער כוטער, וואָס ליגט 6 קילאָמעטער פון אײַער קאָלעקטיוו, אדאנק דער שוואכער פּארטיי־אָנפירונג און אָרגאַניזאַציאָנעלער ארבעט, ביז איצט גאָרניט געטאָן געוואָרן. עס דראָט א געפאר דאָס ברויט זאָל פון סטעפּ ניט אראָפּגענומען ווערן. דער ראַיאָנער פּארטיי־קאָמיטעט האָט אײַך שוין עטלעכע מאָל אויפמערקזאם געמאכט וועגן דעם און ליגט אײַך איצט פאָר באלד אויסטיילן א פעסטן פּארטיי־כאווער פאר בוריאַנאָווקע".

דאָס קאָוואַלעווסקער פּארטיי־קעמערל האָט אויסגעטיילט עלקע רודנער.

דאָס, וואָס מע האָט זי אויסגעטיילט, איז עלקען געפעלן גע־וואָרן. מע שיקט זי, הייסט דאָס, אפּ א וויכטיקער פּארטיי־אר־בעט. זי האָט געוווּסט, אז די לעצטע צײַט זײַנען שוין עטלעכע געשיקטע כאווירים געווען אין בוריאַנאָווקע, גאָרניסט ניט אויפ־געטאָן און אָפּגעפאָרן. און זי וועט איצט מוזן א ראָיע טאָן... זי האָט דעם טראקטער, איר באהעלפער, גלײַך איבערגעגעבן און זיך געלאָזט צופוס מיטן בוזאָווער שליאך קיין בוריאַנאָווקע.

אין כוטער האָט זי זיך געטראָפן מיט כאָנצען, דעם פאָרזיצער פון אָרעמפויערים־קאָמיטעט, וואָס קומט אָפּט אין קאָוואַלעווסק אפּ די פּארטיי־פארזאמלונגען, און מיט קאָפּלדינערן, וואָס איז בא זיי אין קאָמיוג־קעמערל.

פארנאכט איז זי מיט די קארטאָפל־געדסנער אליין אוועק צום סטאַווק. זי האָט אינדערהיים — פארגעסן איבערטאָן די קאָפּטע און פון טראקטער איז זי אזוי געקומען אהער.

אראָפּ הרעבליע איז שעפּטל א באָרוועסער פונעם הויכן וואָגן אראָפּגעשפּרונגען, א קלאפּ געטאָן די פערד בא דער מאָרדע און פארקערעוועט צום סטאַווק. ער האָט אראָפּגערוקט די צוימען, אריינגעטריבן די פערד מיט די פאָדערשטע רעדער פון דעם וואָגן אין ליימיקן וואסער ארײַן, געבליבן שטיין מיט די לייצעס אין האנט און צוגעפײַפט.

די בולאנע האָבן פאַרזיכטיק אַרײַנגערוקט די מאָרדעס אינעם קילן סטאַוואָק, א בלאָז געטאָן מיט די נאָזלעכער, ווי זיי וואָלטן וועלן עפעס אָפּטויַיבן, און פאמעלעך אָנגעהויבן ציִען אין זיך דורך די גרויסע ציינער דאָס פארנאכטיקע וואסער. ווער איז זי דאָס... האָט ער אויסגעשפיגן דורך די ציין און צוגעפײַפט צו די פערד,—טיו, יו־יו... זשליאָקעס... קודי... וואָס יאָגט אײַך?— אים האָט זיך בעגלוסט וואָס מער פארהאלטן די פערד באַם פויען.

עלקע האָט זיך אויסגעגלײַכט און זיך עטוואָס אויסגעדרייט מיטן בלאָנדן קאָפּ האָר צו שעפּסלען.

שעפּסל האָט געקוקט גלײַך אפ איר. זי איז איצט געשטאנען א הויכע מיט די פיס אינעם וואסער.

— ווער קאָן דאָס זײַן,—האָט ער ווידער א טראכט געטאָן,— ניאָ רוכעס,—האָדיע!—האָט ער א געשריי געטאָן צו די פערד,— האָדיע!

די פאָדערשטע קלענערע רעדער האָבן זיך פארשניטן אָן א זײַט, דאָס וואסער האָט א שוואנק געטאָן צווישן זיי און אָפּגעשלאָגן זיך אין מורמלענדיקע כוואליעס צו די טשערעס, צו עלקען...

שעפּסל האָט באמערקט, ווי זי האָט ווידער א קוק געטאָן אַז אים, האָט ער אינדערגיך די צוימענ ארופגערוקט און לויפנדיק זיך ארופגעכאפט אפן וואָגן, ווי ער וואָלט זיך פאר איר אויס־ באַווײַזן, און איז מיט הילכיקן טראסקערײַ אַװעקגעפאָרן. און פארקערעוועדיק אין דער גאס, האָט זיך אים נאָך אלץ געדוכט, אז זי שטייט נאָך און קוקט אים נאָך.

שעפּסל קאָבילעצ האָט זיך שוין לאנג פארטראכט וועגן א ווײַב צו זיך אין שטוב, וועגן א באלעבאָסטע אין הויף ארײַן. ער איז קימאט איינער אליין געווען אין דערווירטשאפט און האָט זיך קיינמאָל ניט געקאָנט ספראווען. שטענדיק האָט ער פארשפעטיקט מיטן זייען, נאָכדעם מיטן שנײַדן, מיטן אראָפּפירן און מיטן אויסדרעשן.

א גאַנצן אָפּדערנאַכט האָט ער צעטומלט זיך אַרומגעדרייט אין הויף און געטשײַנעט צו דער קראַנקער מאַמע זײַנער, וואָס איז געזעסן אויף רעדנעס נעבן דער פּריזבע.

— אַז וואָס איז פֿאַראַן צו ריידן, — האָט ער געטשײַנעט, — אייניקער אַליין קאָן מען אויפֿן סטעפּ ניט ספּראַווען זיך. דער סטעפּ האָט האָלט האַרעוואַניע, די ערד דאַרף העגנט און — האָדיע... העגנט, שוויס באַדאַרף די ערד... אין אַזאַ היץ אומזיסט געטריבן די פֿערד אויף די כוטערן, און זיי ווילן ניט גיין, אַ פּאָהיבעל אויף זיי, אין די קאָלעקטיוון קריכן זיי, די פּוליאַקעס...

— וואָס רעדסטו צו מיר, וואָס קאָן איך שוין, מ׳שטיינס געזאָגט, העלפֿן דעם סטעפּ, — האָט די אַלטע אָפּגעזיפֿצט און מיט די קרומלעכע ליפּן בייז אויף אים אַ קוק געטאָן.

ער האָט זיך צוגעזעצט נעבן איר אויף דער פּריזבע און שווער געסאָפּעט.

— אַליין וועל איך סיײַווי גאָרניט אויפֿטאָן, באָדמײַ כ׳לויך די קישקעס אונטעררײַסן, אַליין וועל איך דעם סטעפּ ניט בײַשטיין... הא...

אים האָט זיך איצט, דוכט זיך, צום ערשטן מאָל אויף זײַן לעבן פֿאַרוואָלט ריידן, קריגן זיך מיט דער אַלטער, וואָס ליגט בײַ אים אַ קראַנקע אויפֿן קאַרק. אים האָט זיך פֿאַרוואָלט קריגן זיך וועגן סטעפּ, וועגן הויף, וועגן זיך.

דער כוטער איז אונטערן בלווילעכן הימל געלעגן אַ שטילער, אַ פֿאַרטײַעטער. אין רויטן ווינקל אין אָרעמפּוּיערים־קאָמיטעט האָט געברענט פֿײַער און בלאָז אַרויסגעלויכטן דורך די גאַסיקע צוויי פֿענצטער. נעבן די שויבן און, קאָנטיק, אין הויף דאָרט האָבן זיך אַרומגעדרייט כוטעראַנצעס.

— שוין ווײַטער וועגן קאָלעקטיוו, — האָט שעפּטל אַ טראַכט געטאָן, — אַ בראָך צו זייער אַרבעט, פּוליאַקעס... נאָר זיי זוכן זיך עפּעס... — ער האָט אויסגעשפּיגן דורך די ציין.

— קראַנק ביסטו כאַסענע האָבן, — האָט די אַלטע פֿאַרביסן די קרומלעכע ליפּן, — אויסגעהאָדעוועט אַ יאָלעפּ... איך האָב שוין מײַן ביסל

שווייס אויסגעטריקנט דאָ אפּן סטעפּ. וואָס ווילסטו נאָך פון מיר; ביסט ניט קראַנק א ווייַב צו זוכן, וועט צוקומען דיר א פּאָר הענט אפּן סטעפּ, אין הויף וועט גאָר פריילעכער ווערן. ס׳טגעזעען, ווי א ביק דרייט זיך דאָס ארום.

ער האָט גאָרניט געענטפערט. ער איז געלאָסן אוועק טיפער אין הויף אריַין, ארופגעקראָכן אפּן הויכן וואָגן און זיך אויסגע־צויגן אפּן בוריאַן.

ער איז געלעגן מיט צוגעמאכטע אויגן און אים האָט זיך גע־נומען דוכטן, ווי די מויד איז בא אים א[illegible]ענע אין שטאל, זי שלעפּט גרויסע ווילעס מיט קיזיק, פאַרמישט די פערד.

... בא וועמען קאָן זי דאָס זיַין, — האָט ער זיך א כאַפּ אופּגעטאָן, אראָפּגעשפּרונגען פונעם וואָגן און זיך געלאָזט צו דער הרעבליע.

איבערן כוטער האָט זיך געוויגט א ווייך־בלויער הימל, ווי ער וואָלט מיט פרישן היי באַשאָטן געווען. די שטאַרק ברייטע אייך און איינציקע גאַס איז געלעגן שטיל, רויִק.

ער איז געגאַנגען, שעפּטל, צו דער הרעבליע און געטראַכט וועגן דער מויד, וועגן זיַין ווירטשאַפט.

— יאַנקעוו אָקסמאַנ האָט זיך אָנגעלעבט א היפּשע באַלעבא־טישקיַיט, א פולן הויף מיט כודאָבע און מיט גוטס האָט ער זיך אָנגעלעבט, וואָס, פון זיַין האָרעוואַניע אוואדע, — וועגן ניט פרעמדע ארבעט, וואָלט ער אויך געהאַט די כאָליערע אונטער׳ן בוידעם... אָן הענט איז די גאַנצע כודאָבע ווערט א זעצ אין דר׳ערד. דער סטעפּ דארף הענט, און אזעלכע הייסע צייַטן קען א וויַיב אויך ארבעטן, נאָך ווי... ער האָט זיך ווידער דערמאָנט אָן עלקען און דערפילט, ווי אינוויינין בא אים אין הארצן בולבעט זיך עפּעס, ווי א פרישער קוואַל וואָלט דאָרט דורכגע־קלאַפּט און האַלט אין איין שלאָגן אונטערן סאַמע האַרצן.

נעבן דעם רויטן ווינקל, וואָס האָט זיך געפונען אין דער שול, האָט ער זיך אפּ יאַנקעוו אָקסמאַנס אָנגעשטויסן.

יאנקעוו אָקסמאנ האָט אימ אָנגעכאפט פארנ קורצנ העמד אונ א שלעפּ געטאָנ אָנ א ווײַט צו דער קאנאווע.

— ווײַטער וועגנ קאָלעקטיוו דאָרט...— ער האָט זיכ ארומגעקוקט דערשראָקנ,— סט'ניט געהערט— זיי קריכנ שוינ אהינ, די נאהײַצעס, זיי מיינענ, ס'איז זיי קאָוואלעווסק, צי נאזארעוויטש. בא אונדז איז שוינ ניטאָ קיינ באלעבאטים, גאָלע קאפצנ,— האָט ער גע־טרייסלט מיטנ אויסגעקראָכענעם בערדל,— גאָלע קאפצנ.

שעפּטל איז געשטאנענ צעטומלט. ער האָט ניט געהערט, וואָס יאנקעוו אָקסמאנ האָט צו אימ געטײַנעט. ער האָט געקוקט אהינ צו די ליכטיקע שויבנ פונ „קאענעס".

די שויבנ האָבנ זיכ גלײַכ אויסגעלאָשנ, אונ עטלעכע מענטשנ, דער אַקטיוו, האָבנ זיכ ארויסגעשאָטנ אפ דער גאס.

— דער כוטער וועט ניט גיינ,— האָט מאטוס געשעפּעליאוועט,— בוריאנאָוועקע איז אײַכ ניט קאָוואליעווסק, איר'ט זיי ניט רירנ פונ אָרט...

— מיר האָבנ געענדיקט וועגנ דעמ, כ' מאטוס, זעט בעסער סארא נאכט עס איז,— האָט עלקע א שמייכל געטאָנ אונ זיכ אויס־געדרייט צו קאָפּלדיינערנ,— זאָלסטו זענ, אז אפ דער פארזאמלונג זאָל זײַנ דער גאנצער כוטער, די באלעגופימ אויכ. האָסט פאר־שטאנענ?

שעפּטל האָט צווישנ זיי באמערקט די אָנגעפּאָרענע מויד אונ אָפּגעלאָפנ צו דער קאנאווע, צו יאנקעוו אָקסמאנענ.

— ווער איז זי? — האָט ער אפ איר אָנגעוויזנ אונ אונטערגע־שמייכלט.

יאנקעוו אָקסמאנ האָט זיכ ארומגעקוקט אונ געלאָזט זיכ איבער דער גאס צו זיכ אינ הויפ.

— כ'ווייַ, עפּעס אנ אויסוווּרפ, מיסטאָמע,— האָט ער געבור־טשעט— וואָרענ, זי איז דאָכ פונ קאָוואלעווסק. אהער איז זי פאראָנדקעס געקומענ אײַנשטעלנ... מע האָט געוואַרט אפ איר. אָפּגעלעבט באָרעכאשעמ א לעבנ אָנ זיי אונ אָנ זייערע פאראָנדקעס.

קאַפּלדינער מיט עלקענ האָבנ פאַרקערעוועט אראָפּ צאַמבער־בערגל, אונ עס האָט זיכ פונ דאָרטנ דערטראָגנ א ווייטער געזאנג.

## צווייטער קאַפּיטל

קאַפּלדינער איז דאָ ניט ווייט פונ כוטער אינ דער קאָוואלעוו־סקער באַלקע געבוירנ געוואָרנ.

הינדע־די לאַנגע (אזוי האָט מענ גערופנ זיינ מאמענ אינ דאָרפ פאַר אירע לאַנגע פיס) האָט דעמלט שוינ עטלעכע זומערס דעמ סאבונ געפּאַשעט. דער טאטע זיינער, דאָוויד דער ניקאָלײַעווער סאָלדאט, איז דעמ זעלבנ זומער, מיט א פּאָר וואָכנ פריִער, בא יאנקעוו אָקסמאנענ אינ שטאַל געהארגעט געוואָרנ. דער פּאַטלא־טער וואָראָנאָי האָט אימ, דעמ אלטנ ניקאָלײַעווער סאָלדאט, אומ־געריכט מיט דער קאָפּיטע אינ הארצנ דערלאנגט אונ דורכגע־קלאַפּט די ריפּנ.

די מאמע זיינע, הינדע די לאַנגע, האָט אימ אויסגעהאָדעוועט נעבנ סאבונ אפ דער סאַלאָקע, א געזונטנ אונ א געזעצטנ. ווענ זי איז געשטאָרבנ, איז אימ פאַרבליבנ דער לאָכמאטער באַרבאָס אונ די שטריקענע ביַיטש. ער האָט געפּאַשעט, ווי זיינ מאמע, דעמ סאבונ אינ דער קאָוואַליעווסקער באַלקע אונטער דער צעפּאַ־ליעטער זונ אונ אונטער שטיַיסנדיקע שלאַקס־רעגנס.

אינ א פּאָר יאָר ארומ איז ער אוועק צו יאנקעוו אָקסמאנענ אפּנ סאָק, אָפּגעארבעט עטלעכע זומערס, ווי זיינ מאמע, אונ איז אנטלאָפנ. אז מע האָט אראָפּגעוואָרפנ דעמ שולצ, האָט ער גע־קראָגנ אנ אייגענע שטיקל ערד, אויסגעבויט זיכ אנ ערדשטיבל אונ אָפּגעארבעט בא פרעמדע בערעזינער עטלעכע זומערס אונ זיכ אלצ ניט געקאָנט אויסצאָלנ פונ די פארג גבילעסכעסער.

היַינטיקנ זומער האָט יאנקעוו אָקסמאנ, דער שול־גאבע, גע־דונגענ קאַפּלדינערנ פאַר א היטער פונעמ פריכט־גאָרטנ.

— דער סאָד וועט צאָלן פאר צען, — האָט ער זיך געטראכט. — מע דארף אָקאָרשט דעם הונט אריינעמען צו זיך אין די הענט אין בײַדל אריין...

ער האָט געדונגען קאָפּלדינערן, אריינגעגאנגען א צעפרידענער און געטרייסט זיין מאָגערע ייִדענע — בעסער האָבן דעם הונט נעבן זיך, וועט ער ניט האווקען, ווען מע דארף ניט. זאָלסט אים נאָר צוווארפן א שטיקל לאכטע אָדער עפּעס אנדערש, אפ אזא זאך זאָלסטו ניט זשאלעווען.

און יאנקעווּ אָקסמאן האָט שוין געפּרוווּט עטלעכע מאָל אפּן אויף די פרוכט אָפּוועגן און געהאלטן אין שאצן:

— א בוידעם, באָרעכאשעם, מיט עפּל, אזש ביז די קראָקוועס... און ווינטער אין די פרעסט וועלן זיי דאָך אין גאָלד אריין...—
ער האָט זיך דערמאָנט אָן די עטלעכע פורן ווייץ, באגראָבענע אין דער קלוניע, און א טראכט געטאָן: — עפּל, אז מע פאקעוועט דאָס גוט אין דער פאלאַטע, וועט דאָס אויך ניט קאַליע ווערן, וואָס שייעך...

קאָפּלדינער איז מיט עלקען נעבן כעמע טראסקונס הויף געשטאנען און געקליבן זיך שוין אוועקגיין.

עלקע איז געשטאנען נעבן אים, אירע בלאָנדע האָר האָבן געשמעקט מיט פרישן היי און געווייעט קאָפּלדינערן אין פּאָנעם אריין.

ניט נאָר כאַנצע איז דאָ שולדיק, דו ביסט שולדיק, פּונקט ווי ער, פֿסט׳געהערט, ווי מאָטוס האָט גערעדט? ער איז שוין לאַנג אין דער פּאַרטיי? מע דאַרף ניט קריכן כאַנצען אַף די פֿיס, מע דאַרף אים העלפֿן, האָט זי אים אָנגענומען פֿאַרן האַנט. דער קאָמסנעואַס׳ ארבעט ניט, און די באַרעגוֹסים בירען איר האָט אַראָפּגעריסן די פֿאַבריקע ברוים פֿאַרגרייטונג [illegible] זיך פֿאַר רינגען צו אָקספּאַנען פֿאַרדינגען זיך פֿאַר א קנעכט, [illegible] פֿיר דאַרפֿן זיך [illegible]

נאָכדעם רעדט איר אַפּ כאָנצען, איר דערשלאָגט אים. אירט שוין געקענט דעם גאַנצן כוטער לאַנג איבעראַקערן...

— איבעראַקערן, — האָט קאָפּלדינער געשטאַמלט, — עס איז גרינג צו ריידן, נאָר עס איז שווער אַפּן לעמעשניק...

אַפּן ברעג כוטער האָט זיך אופגעהויבן א בילעריי פון הינט. באַלד איז שטיל געוואָרן.

— הײַנט באַנאַכט פאָרן שוינ אונדזערע אַרויס שניידן דעם ווייץ, — האָט עלקע זיך אָפּגערופן און א קוק געטאָן אַהין, צו קאָוואַלעווסק, צו זייער קאָלעקטיוו.

— סע כמאַרעט, — האָט קאָפּלדינער א קוק געטאָן אַפּן הימל, — סע כמאַרעט ניט אַפּ א רעגן.

ער האָט א קוק געטאָן אַפּ איר און באַמערקט אין אירע קלוגע אויגן א נאָענטקייט, ווי זיי באַנאַנד וואָלטן דאָ אַפּ א ווילדן סטעפּ פאַרוואָרפן געוועזן, אַפּ א ווײַטן פאַרלאָזענעם סטעפּ, וווּ עס קײַקלט זיך אָן א סאָפּ שטעכיקער בוריאַן און נעמט זיך קיינמאָל ניט אויס... און זיי דאַרפן פאַרהאַלטן דאָס ווילדגראָז, אויסוואָרצלען דאָס, פאַראַקערן...

ווען זי איז אַוועק אין הויף אַרײַן, האָט ער לאַנג נאָכגעקוקט, נאָכדעם האָט ער זיך פלוצלינג דערמאָנט אָן דעם גאָרטן און זיך געלאָזט לויפן.

— מער פעלט ניט, ווען יאַנקעוו אָקסמאַן פּאַקט אים איצט.

מיטן שול-הויף איז ער פאָרזיכטיק צום גאָרטן אָנגעקומען. אַרום איז געווען שטיל. ער האָט זיך אויסגעצויגן צווישן די גרינע קוסטעס אַגרעסן און צוגעמאַכט די אויגן. ער האָט געוואָלט אַנשלאָפן ווערן, נאָר עס האָט אים געטשאָטשעט א פאַרדראָס.

— וואָס איז ער דאָס טאַקע פאַר א קאָמיוגיסט, אַז באַלעבאָס איבער אים איז יאַנקעוו אָקסמאַן. ער איז באַלעבאָס, יאַנקעוו אָקסמאַן הייסט, און ער דאַרפ פאָלגן, ווי אַמאָל, ווי זײַן טאַטע, ווי אַמאָל, א בליץ אים אין קוימען און אין האַרצן אַרײַן...

דער האָט אין אים האָט אַלץ שטאַרקער אופגעכוואַליעט, גע־הויבן זיך אינווייניק און שוימיק געקלאַפט אין האַרץ, ווי די הרעבליע וואָלט זיך אופרײַסן.

ער האָט זיך מיטאמאָל אופגעכאַפּט און גלאָזש זיך אין גאָרטן, געלאָזט זיך טרייסלען די ביימער, טרייסלען די פּרוכט פון די צווײַגן...

— האַרעווע אָפּ אים! — האָט ער א געשריי געטאָן, — אונדזער פּרוכט, אונדזער בלוט איז דאָס, — האָט ער געברומט אין זיך, — מיר האָבן דאָס געגראָבן און מיר האָבן דאָס געפלאַנצט.

פון דער קאָוואַלעווסקער באַלקע האָט פּלוצלונג זיך דערטראָגן אהער דאָס גראַגערן און הודיען פון די ארויסגעפּאַרענע אָפּן סטעפּ באַנאַכטיקע טראַקטערס.

קאָפּלדינער איז געבליבן שטיין, געקוקט אהין צו קאָוואַלעוו־סקער קאָלעקטיוו און דערפילט, ווי דער באַנאַכטיקער טוי האָט בא אים א טריט געטאָן אָפּן האַרצן מיט א גרויסן קילן טראָפּן.

— אוך, ווי זיי הורזשען דאָס, אונדזערע... ווי די וועסנע...

ער האָט זיך אראָפּגעלאָזט צווישן די קוסטעס, געטראַכט וועגן קאָלעקטיוו, וואָס זיי וועלן סאָפּקאָלסאָם דאָ אָפּן כוטער אויסבויע, זיי וועלן ברענגען א טראַקטער. זי איז א בראַווע מויד, — האָט ער א טראַכט געטאָן וועגן עלקען, — וויפל וועט זי נאָך זאָמען דאָ?... אָט איצט וועט מען שוין אים צוקוועטשן, אָקסמאַנען.

קאָפּלדינער האָט זיך דערפילט וויכטיקער, ווי ער וואָלט דאַרפן איצט אָפּטאָן זייער א וויכטיקע זאַך אָפּן כוטער.

צוביסלעך האָט ער אָנגעהויבן אײַנדרעמלען.

א ווארעמע יול־בלויקײַט האָט געטריפט איבער די אַלטע גע־דיכטע ביימער אין געוויגט די נידעריקע שווערע עפּל־צווײַגן אנטקעגן דער גרינער לעוואָנע, געבויגן די באַשאָטענע צווײַגן נידעריק צו דער ערד, געשמעקט מיט די גרין־געלבלעכע אבריקאָסן. מיט אגרעסן און שוואַרצע אָנגעקוואָלענע מולבערן.

די אבריקאָסן און ווײַס־רויטלעכע עפּל האָבן אנטקעגן דער לעוואָנע קײַלעכדיק אָפּגעגלאנצט און געוויגט זיך מיט אָנגעגאָסענעם זאפט, מיט פרישן טוי און געאָטעמט מיט פאנאנדערגעבליטן באנאכטיקן סטעפּ. די ביימער האָבן זיך שווער געבויגן צו דער שווארץ־ערד מיט די באשאָטענע צווײַגן און שטארקער געשאָרכעט מיט די בלעטער איבערן גאָרטן.

## דריטער קאפיטל

כאָנצע, דער פאָרזיצער פון בוריאנאָוועקער אָרעמפויערקאָם, איז דעמלט באנאכט נעבן דער נידעריקער זעמליאנקע געלעגן אפן ביסל שווארצן קוריי, געוואָרפן זיך און ניט געקאָנט אנשלאָפן ווערן. אלע ווײַלע האָט ער זיך מיטן הוילן קדומנ בײַטש־שטעקל געקראצט דאָס שטויביקע הארטע ערדל, וואָס איז געוואָקסן געלבלעך און צו געדיכט אפן לאנגן פאָנעם.

— נאָך וואָס האָבן זיי אראָפּגעשיקט די מויד אהער? — דאָס לינקע אויסגערונענע אויג האָט בא אים אָנגעהויבן פינטלען פו וויטעק — וואָס מיינען זיי, ער קאָן זיך אליין ניט ספּראווען? האָרעווע און האָרעווע, און נאָכדעם קומט זי האקן א קאָפּ וועגן די ברויט־פארגרײַטונגען, או דער כוטעראנעץ האָט קיין ברויט ניט. ארום איז דער כוטער געלעגן אויסגעלאָשן, פארכמארעט און שטיל.

פלוצלינג האָט זיך פונ איבער דער קאָוואלעווסקער באלקע דערטראָגן אהער, אינ כיטער, א: אומרויק הודיען פון באנאכטיקע טראקטערס און א הייזעריקער זומערדיקער פלאפּל פון שנײַד־מאשינעס.

כאָנצע האָט זיך א כאפּ געטאָן און אפן הארצן איז אים געוואָרן קאלעמוטנע, פּונקט ווי מע וואָלט א הרודע אינ וואסער ארײַנגעוואָרפן אינ צעבויטעט דעם סטאוואָק.

— זיי ארבעטן שוין. זאָל זי שוין דרייען ווי זי וויל, ברעכט זי דעם קאָפּ, מיט מאשינעס זײַנען זיי קלוגע דאָרס.

דאָרט, ווו עס האָט געאַרבעט דער קאָלעקטיוו, האָבן די טראַק־
טערס שווער גערודערט, געדרישט איבער די זאנגען און גע־
לויכטן פון דאָרט מיט די אָנגעצונדענע צום ערשטן מאָל פארג
סטעפּ גרויסע עלעקטרישע לאָמפּן. פון די קײַלעכדיקע ליכטיקע
לאָמפּן האָט אַהער אין כוטער געשלאָגן דינע פּאַסן שײַן. די
ליכט-פּאַסן זײַנען איבער די פינצטערע רויִקע הויפן געפאַלן
איבער די קרומע און נידעריקע פענצטער. באַלד איז אַם דעם
עק כוטער פינצטערער געוואָרן. עס איז קאָנטיק געווען, אַז די
טראַקטערס זײַנען איבערגעגאַנגען אַף נײַע ווייץ-פּאַסן. דאָס
ליכט פונעם טראַקטער איז עטלעכע הויפן איבערגעשפּרונגען
און געפאַלן אַף כאַנצעס זעכליאַנקע.

כאַנצע האָט זיך אויפגערויבן פונעם שטענדיקן קיווי אין
ווי צום ערשטן מאָל זיך אײַנגעקוקט אַף זײַן ערד-שטיבל. עס
איז געשטאַנען דאָס ערד-שטיבל, אַ נידעריקס, מיט קרומע דורכ־
געבויגטע ווענט, מיט שטרוי-פאַרשטאָפּטע פענצטער און מיט
ווילדגראָז אַפן צוגעפלעטשטן ליימענעם דאַך.

— זיי אַרבעטן פאָרט, — האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, —
זיי איז עפּעס געראָטן, ווייס זי דער רוח, אַז ס'איז דאָ קיין
לעבן ניט. און ער האָט אָנגעהויבן פּונקט ווי פאַר זיך אַליין
פאַרענטפערן — אַז וואָס האָב דאָ איינער געמוזט אויפטאָן, אַז דער
כוטער איז נאַראָיוכעט. זיי האָבן מוירע, ווי די קוואָטשקעס פאַר
זייערע הינדלעך. אָט האָט מען זיך אַן אייגנס אָפּגעהאַליאַקעט.
און האָט קומט אַרויס. ביז וועלן זאָל מען גייען דעם קאָלעק־
טיוו, ביז יאָר, אַז די כוטזראַנצעס איז האַלטער קאָמנעזאַס,
ס'איז ניטאָ פון יאָר צו אַרבעטן. אַ קאָלעקטיוו טײַערן פון לײַ־
דיקע הענט, דער מאַטיס דער ריכן ווייס אים אויך, וואָס ער
וויל...

ער האָט פאַרקאָשערט די האָלאַשעס פון די גראָבע פאַרלאַ־
טעטע הויזן, געבויגט די ביינש-שטעקל און איז אַרויס אין גאַס.
— קײַטל נאָר צוגיין צו בעטן זיך דידבריידן...

בוריאנאָווקע איז געלעגנ אביסל אויסגעדרייט. די שטארק ברייטע איינ אינ איינציקע גאס האָט זיכ קרומערהייט ארופגעהויבנ אפנ צאַמבער־בארג, וואָס האָט ווי א הויקער פונ הינטערנ דערפל ארויסגעשפּארט אונ אוועקגעשלענגלט זיכ ערגעצ בארג־אראָפּ.

כאָנצע איז געגאנגענ מיט דער סטעזשקע, דאָס העמד האָט זיכ פונ ווינט בא אים אופגעבלאָזנ, פאריסנ זיכ אונ אנטבלויזט דאָס מאָגערע נאקעטע לייַב.

— וואָס קומט ארויס, — האָט ער מיט פארדראָס געטראכט, — ווענ ער קאָנ ווי אמאָל בא אָקסמאנענ די פערד פונ שטאל נע־מענ — ווייניק האָט ער דאָ אָנגעראבעוועט מיט סימכע בערעזינענ? וואָלט שוינ געווענ מיט וואָס דעמ קאָלעקטיוו אונטערהאלטנ. מיט וואָס זאָל ער זיי איצט נעמענ, די כוטעראנצעס, זאָל זי זאָגנ, ריידנ קענ זי...

אפנ ברעג כוטער, נעבנ זאמד־בערגל, האָבנ זיכ שנעל געהוי-דעט די פליגלענ פונ יאנקעוו אָקסמאנס ווינט־מיל. נעענטער אביסל אהער איז צווישנ די פארוואקסענע הויפנ געלעגנ יאנקעוו אָקסמאנס פלאג. דער ברייטער הויף איז קאָנטיק פונדאָסנייַ גע־ווענ ארומגעצאמט מיט דינע רויטע ברעטער. פונ פאָרנט פאר דער אויסגעקאלכטער כאטע מיט די שטענדיק פארהאנגענע ווייַסע שויבנ האָט זיכ שוינ געהאט אָנגעגאָסנ א היפשער פאָליסאדניק מיט נידעריק־פאנאנדערגעוואָקסענע ווייַנשל־ביימער.

א גאנצע נאכט האָט זיכ יאנקעוו אָקסמאנ ארומגעדרייט אינ שלאָפצימער, אלע ווייַלע צעטומלט זיכ צוגעזוצט צו כיענענ, זייַנ דארער ייִדענע, אונ געטייַנעט:

— וואָס איז איצטער שייַעכ... אז מיר האָבנ זיכ לעכאטכילע כיענע, געבויט אפ א סטאוואָק, אפ א יאמ, אפ א פארפראָרע-נעמ יאמ האָבנ מיר זיכ געבויט... קאָלזמאנ ס׳איז ניט שפעט, דארפ מענ זיכ ראטעווענ... ראטעווענ זיכ ווי פונ א סרייפע...— ער האָט זיכ אופגעהויבנ אונ איז מיט די בלוי־אָדערדיקע פיס עטלעכע מאָל ציטערדיק דעמ טונקעלנ צימער דורכגעלאָפנ.

— אָט איז שוין ווײַטער געקומען עפּעס א שלאַק, זיי ווילן דאָך זייערס אופּטאָן. דו זעסט ניט, וואָס עס טוט זיך ארום, — האָט ער געשאָקלט מיטן אויסגעקראָכענעם בערדל, — זעסט ניט, וואָס סע טוט זיך אין קאָוואַלעווסק, אין נאזארעוויטש. אומגליק, אומגליק, וואָס כוט מען, וואָס כוט מען?.. דאָס ברויט קאָן מען נאָך באַדאצן, אָבער די ווינט־מיל. וואָס שווײַגסטו, זיי זײַנען דאָך ווי הײַשעריקן. וואָס האָבן מיר זיי געטאָן, פרעג איך דיר... א כוטער מיט סאָנים... אָנגעזשרעבעוועט זיך ווינציק מײַן בלוט נאָהײַצעס...

ער איז אַלץ ארומגעלאָפן דערשלאָגן איבערן צימער.

— אוי, אַז א סטאַוואָק האָבן מיר זיך געבויט און דאָס איז פּלאַצט, כ׳האָב מוירע, כיענע... אוי, דאָס איז שאָקלט זיך...

די טראַקטערס האָבן אַלץ שווערער און נעענטער געדודערט הינטערן שוואַרצ־כיטער, און די הודיערײַ האָט זיך מיט אימפּעט צו יאַנקעוו אָקסמאַנס הויף דערטראָגן און ווי א זאַווערוכע אַרײַנגעשמיסן אין די פאַרהאַנגענע פענצטער און א ציטער אָנ־געוואָרפן.

— ווהין האָסטו אהינגעטאָן די שליסלעך. — האָט יאַנקעוו אָקסמאַן זיך צעטומלט ארומגעדרייט, — דער קאָפּ איז אזוי צעדרייט, כ׳רעכן זיך איצט אַרײַנכאַפּן אין דער מיל — ער האָט זיך צו איר אָנגע־בויגן. — דער פּאַפּיר וועגן כאַנצען איז שוין אוועק צו זיי, סימכע האָט אים אָפּגעשיקט — ער האָט זיך ארומגעקוקט, — מע האָט גע־דאַרפט עפּשער שטאַרקער זיך נעמען, ס׳איז דאָך א באַנדע נאָ־הײַצעס, וואָס מיינסטו, די וועלט וועט שווײַגן... א לעבן געהאָ־רעוועט און איצט קומען זיי...

איבער דער גאַס האָבן זיך דערהערט טריט.

זיי האָבן פאַרהייבן אביסל דעם פאָרהאַנג און דורך דער בלוי־לעכער שויב ווײַטער אהין דערזען כאַנצען.

— מיטן קאָפּ אין דר׳ערד, ווהין קריכט ער דאָס! — האָט כיענע א ציטער געטאָן.

יאנקעוו אָקסמאנ איז בלאס געוואָרנ, ער האָט אינ אײַלעניש די הויזנ ארופגעצויגנ אונ איז ארויסגעלאָפנ אינ הויפ. אפנ גראָז איז שוינ געהאט צוגעפאלנ א קילער טוי אונ געקיצלט כאָנ־צענ אינ די נאקעטע פיס. נעבנ דעם שטארק ברייטנ פאר־טריקנטנ מולבער־בוימ, אנטקעגנ כעמע טראסקונס הויפ, האָט ער זיכ אָפגעשטעלט. ער האָט זיכ פלוצלינג דערמאָנט, ווי ער מיט כעמענ האָבנ דאָ, נעבנ דער פארטריקנטער זײַט פונעמ מולבער־בוימ, א מאכנאָוועצ דערשאָסנ אונ אינ אײַלעניש ארײַנגעוואָרפנ אים דאָ בא כעמע טראסקונענ אינ ברונעמ ארײַנ.

איצט שטייט דער ברונעמ א פארשאָטענער אונ קיינ סימענ איז אפילע פונ אים ניט געבליבנ.

— אָפגעריינינקט דעם בודזיאק,—האָט ער מיט שטאָלצ א טראכט געטאָנ,—נאָר אנ אנדער בודזיאק איז אפנ סטעפ דאָ פארבליבנ אונ צעבליט זיכ מיט די שטעכנדיקע צווײַגנ... די גאנצע זאפט ציט דאָ אָקסמאנ פונ דער ערד ארויס... פיר פאָר פערד שטייענ בא אים, א גאנצ לעבנ אָפגעהאָרעוועט אונ כ'האָב קיינ איינ פערד אינ שפאנ ניט, דער גאנצער כוטער ווערגט זיכ אינ אָרעמקײַט אונ גייט בא אָקסמאנענ אפ דער פענטע...

ער האָט דערפילט, אז ער האָט עושט דערזענ רעכט, וואָס עס טוט זיכ אינ כוטער. דערמאָנט זיכ, אז אָקסמאנ האָט די טעג געטיילט ברויט די קאָמנעזאמצעס אונ געקליבנ ארומ זיכ רעדלעכ נעבנ זאהאָנ.

— ער ציט זיי צו זיכ,—האָט ער גערעדט אינ דער שטיל אונ איז אוועק אלצ העכער איבערנ כוטער,—ער פארוואָרפט די נעצנ, אָקסמאנ... זי איז גערעכט, עלקע, מע דארפ אלע נעצנ איבערהאקנ אונ אופרײַסנ די מעזשעס. אופרײַסנ אונ פארטיק...

אמאָל פלעגט ער אפנ סטעפ בא די שײַטערס האלטנ רוישיקע רעדעס פאר די פארטיזאנער, אונ איצט קאָנ ער בוריאנאָווקע ניט אײַנבײַסנ,—האָט ער מיט פארדרוס געטראכט. ער האָט זיכ דערמאָנט, אז מיט עטלעכע טעג צוריק איז דאָ געווענ דער

און ער האָט שטאַרקער דערפילט, אַז די פּאַרטיי האָט זיך גע־
נומען איצט אופּרייסן דעם אַלטן ווילדן בוריאַניקן סטעפּ...

## פערטער קאַפּיטל

יודל פּיסקון האָט ערשט מיט אַ זומער צוריק געהאַט באַזעצט זיך דאָ אין כוטער, אין זיין אַמאָליקן צעשלעפּטן הויף.

אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע, ווען דאָס דאָרף האָט דעם שולץ אַראָפּגעוואָרפן און ס׳האָבן זיך אַרום און אַרום אין די דער־פער אָנגעהויבן סומאַטאָכעס, האָט יודל פּיסקון אַפילו זיין פול־הויפיקע באַלעבאַטישקייט אויספאַרקויפט, איז באַנאַכט פּלוצלונג אַנטלאָפן פון דאָרף.

אים איז דעמאָלט באַפאַלן אַ שרעק פאַר די כלאָפּעס, וואָס האָבן היפּש בא אים אָפּגעהאָרעוועט, ער האָט געפילט, אַז די דאָזיקע כלאָפּעס טראָגן אָפּ אים אַ פאַרבאַהאַלטענע בלוטיקע סינע, און דעריבער איז ער וואָס פריער פון כוטער באַנאַכט אָפּ אַ פרעמדער פור אַנטלאָפן.

אָפּ מאָרגן אינדערפרי האָבן דעמלט די כלאָפּעס אָפּ שווערע טראַסקענדיקע פורן אָנגעשמיסן, צווישן זיי האָבן זיך רייטנדיק געטראָגן אָפּ יאַנקעוו אָקסמאַנס פערד כעמע טראַסקוג און כאָנצע זעלענאָווקער. זיי זיינען באַפאַלן דעם הויף, נאָר קיינעם שוין דאָרט נים געטראָפן. יודל איז שוין געווען אוועקגעפאָרן ווייט־ווייט ערגעץ אין אַ צאָפּן־מיירעווודיקן גרענעץ־שטעטל.

נאָר דעם פאָריקן זומער, צו האַרבסט צו, ווען מע האָט שוין דעם ווייץ און האָבער פון די פעלדער אַראָפּגעפירט, איז יודל פּיסקון שפּעט באַנאַכט פון דער נאָענטער דאָ־פישער סטאַנציע, פראַסאָנאָיע, אַראָפּגעפאָרן.

באַזעצט האָט ער זיך צוריק אָפּן סאַמע ברעג כוטער אין זיין געוועזענעם הויף, וואָס האָט אָנגעהויבן צוביסלעכ אַרומוואַקסן מיט ציגל, מיט זונרויזן־שטעקלעך און מיט קויזיק.

די ערשטע צייט האָט ער אַלעמען באַוויזן דעם אָרדער, וואָס מע האָט אים אויסגעשריבן אַף צוריק באַקומען ערד דאָ, צוגלייך מיט די קוטעראַנצעס געהאָרעוועט אַפן סטעפּ. און זיין לינקס קלענער אויג האָט בא אים אומרויִק געשמייכלט צו יעדערן:

— נישקאָשע, די סאָוועצקע וולאַסט, — האָט ער געטײַנעט, — די סאָוועצקע וולאַסט... זי גלייכט אויס, זי ווייסט שוין איינמאָל וואָס זי טוט.

נאָכדעם האָט ער זיך דערפילט פעסטער, אָפטער אַרײַנגעקומען אין אָרעמפויערקאָם, צוביסלעך פאַרלאָזן זיין ערד און גענומען אַרומפאָרן איבער די קוטערס.

— וואָס די ערד, — האָט ער געטײַנעט צו זיינע גראָבער ייִדענע, — האָרעווע און האָרעווע, ס׳איז איצט ניט פאַר אונדז... אַבאָל ביז איך געווען באַלעבאָס, און איצט קאָן איך זיך געפינען בעסערע געשעפטן. ווי לאַנג קרענקען זיי...

ביז א פאָר טעג פריִער איז ער אַנגעפאַלן פון א דאָרף הינטער הוליאַיפּאָליע און געבראַכט מיט זיך א שלאַנקע גניאַדע שקאַפע. אַפן וועג צום קוטער האָט ער מיט דער שקאַפע געהאַט קיין הוליאַיפּאָליע פאַרקערעוועט און האָט פאַרסטראַכירט זי דאָרט אַף דריי מייעס.

ער איז געווען גוט איבערלייגט, וואָס מע טרעפט זיך ביכלאַל ווייטער זעלטן מיט אים, א גאַנצן וועג האָט ער דער גניאַדער שקאַפע מיטן פיס לייכט געשפּאַרט אונטערן בויך און ציגע־פּאַטשט איבער דעם שטאַרקן האַלדז.

— שוין די פינפטע סטראַכאָוויקע, — האָט ער בא זיך געכעשבנט, — איבער א מיונטער שוין אַראָפּגעלאָזט אין דער קעשענע... זאָלן זיי אָנאַקערן אַף א מיונטער, — האָט ער געשמייכלט מיט דעם צעשפּאָלטענעם ליפּ, — ווי לאַנג באַליען זיי, נישקאָשע, ווי האָבן בא מיר מער פאַרדינען...

ער האָט א קנאַק געטאָן די הינטערשטע שקאַפע אונטערן בויך און איז אַרײַן אין גאַניק.

— הײַדא... צװײ א האלבע מײַעס לעבעדיקער רעװעל אײַן דיר... עס װאלגערט זיך ניט אין גאס...

פארטאָג האָט יודל די שלאנקע שקאפּע רײַטנדיק ארױסגעיאָגט צו מאריופּאָל־צו, אפן דײַטשישן זונטיק־מארק אין יאניסעל.

ער האָט די שקאפּע פּאר די זעלבע דרײַ הונדערט פארקױפט א געניטן דײַטש און אינעם זעלבן מארק־טאָג האָט יודל פאר 40 קארבן געקױפט אן אלטן שקאפּע פונעם זעלבן קאָליר.

צו פארנאכט־צו האָט ער זיך געלאָזט קײן בוריאנאָװקע. דעם גאנצן װעג האָט די שקאפּע מיטן שארפן רוקן אונטערגעװאָרפן און אָפּגעריבן אים דעם געזעס.

— די פּעגירע האָט זי דאָ אפן װעג ניט געקאָנט אװעקלײגן, — האָט ער זיך געשאָלטן, — א פּאדלע אזא... מער װי 5 טעג װעסטו בא מיר ניט ציִען, א בראָך צו דיר, — און דערלאנגט איר מיטן קור־צינקן שטיװל אונטערן הארצן.

די גניאדע האָט זיך געטראָגן איבערן שטױביקן שליאך, גע־בלאָזן מיט די נאָזלעכער און צוגעהירזשעט צום װײַטן טאבון, צום רױטן פערדשטשאװעל און צו יודלען.

יודל איז געזעסן אפן דער שקאפּע און פארכמורעט געטראכט.

— אױב עס װעט דאָ ארױסװאקסן דער קאָלעקטיװ, װעט שמאָל װערן דער אײסעק. דער אומגליק װײס אים, כאָנצען, װאָס ער בונטעװעט זײ... א קרענק װעלן זײ דאָ אױספירן, סײַדן ער װעט ליגן מיטן פּופּיק ארױף... — ער האָט א ציטער געטאָן און פלוצלונג דערמאָנט זיך אָן די בײַגרענעצדיקע פּױלישע װעלדער, דערלאנגט דער שקאפּע אונטערן בױך און אװעקגעריטן מיט א אומרויִקן געלאָפּ.

איצט איז שױן צײַט עטלעכע טעג די גניאדע שקאפּע געשטאנען פארשפּארט בא יודלען אין דער שטאל, שטארק אױסגעמאָגערט, איז זי אפן די אױסגעטריקנטע פיס ארומגעהענקען צװישן די איבער־געקערטע הילצערנע קאָרעטעס. אלע װײַלע האָט זי דעם צו גרױסן בײנערדיקן קאָפּ אראָפּגעלאָזן צום פארטריקנטן פרעמדן קיזיק, װו

עס האָבן זיך געריסן שווארצע זשוקלעך, האָט דאָס באַשמעקט מיט די ציטערנדיקע קלעפּיקע נאָזלעכער און ווידער אוועקגע־הונקען.

פלאָנטערנדיק מיט די פיס איז די גניאדע צו דער לײדיקער קאָרעטע דערגאנגען און גענומען צופּן מיט די גרויסע געלע ציינער דאָס האָלץ... די אונטערשטע שווארצע ליפּ איז בא איר אראָפּגעהאנגען אין גראָבע קנייטשן און זיך נאָכגעשלעפּט איבער דער קאָרעטע ווי אַן איבעריקע. אזוי איז די שקאפּע היפּש גע־שטאנען און די אויגן אין דרעמל צוגעמאכט.

איבער דער לענגלעכער געל־ליימיקער שטאַל, וואָס האָט זיך געצויגן הינטער דער זעמליאנקע, צווישן דעם הויכן ביטערן פּאָלין און גרינעם בודיאַק איז שוין צוגעפאלן א שפּעטיקע נאכט. פון האלב אויסגעטריקנטן גרינעם סטאַוואָק, וואָס ליגט נעבן דער הרעבליע,—א גוטע פּאָר שמיץ פאָרן פון דערפל ארויס,— האָבן די פרעש ערגעץ דאָרט ארויסגעשטעקט די וואסערדיקע גלאנציקע קעפּ און פארקוואָקעט מיט אומעט און ווילדקייט דעם באנאכטיקן פאנאנדערגעוואָרפענעם כוטער. די שקאפּע האָט פא־מעלעך א שאָקל געטאָן מיטן ביינערדיקן קאָפּ און ארויסגעלאָזט א סליונע דורך די גרויסע ציינער.

דאָס קוואקען פון די פרעש בא דער הרעבליע האָט עפּשער דער גניאדער דערמאָנט אָן די גרינע נעכט, אָן די צאָמבער־שמעקנדיקע היי־לאָנקעס, אָן געדרשטנ־שטרוי און פּאָלאָווע, זי אָט א בלאָז געטאָן מיט די נאָזלעכער, א שמעק געטאָן, נאָר גאָרנישט ניט געפונען. שוין עטלעכע טעג, ווי זי איז אזוי גע־שטאנען א הונגעריקע פארשפּארט אין דער טונקעלער שטאַל.

צוביסלעך האָט זיך דער קאָפּ בא דער שקאפּע מער אראָפּגע־לאָזן, און די אויגן האָבן זיך אינגאנצן צוגעמאכט. די גניאדע טאיז אנשלאָפן געוואָרן.

אינמיטן דער נאכט האָט זיך צו דער פארשפארטער שטאַל דער בראָגן א מעשונעדיקער גראגערן און הויען איבערן סטעפּ.

די גניאדע האָט א ציטער געטאָן, איז אָפּגעשפּרונגען פון דער קאָרעטע און אָנגעשפּיצט די אויערן.

מיטאמאָל, . פּלוצלונג האָט זי דעם ביינערדיקן קאָפּ צו דער ערד פארבייגן און זיך א שלייַדער געטאָן איבער דער שטאָל. זי איז ווילד געשפּרונגען איבער די איבערגעקערטע הילצערנע קאָרעטעס און מיט די הינטערשטע פיס געקלאַפּט אין די לייַמיקע ווענט, געטופּעט און געהירזשעט אהינצו איבער דער באַלקע.

יודל פּיסקון האָט אין דער זעמליאנקע אפּ דער הילצערנער בעט דערהערט דאָס קלאַפּן אין דער שטאָל. ער האָט אינדערגיך ארופגעצויגן די נידעריקע ברייטע שטיוועלעך איבער די רויטע אונטערהויזן, ארופגעוואָרפן אפּ די פּלייצעס די בורקע און איז דורך דער צווישנטיר ארויס אין שטאָל. נעבן שוועל האָט ער אָנגעצונדן פייַער אינעם בלעכענעם לעמפּל און געעפנט די טיר.

די שקאפּע האָט א ציטער געטאָן מיט דער דארער פעל, אונגעהויבן דעם קאָפּ און זיך אויסגעדרייט אביסל אָן א זייַט צו יודלען. אירע גרויסע מוטנע אויגן זייַנען געוואָרן פרייַלעכער און זיך ברייטער פאנאנדערגעעפנט. זי האָט פאמעלעך צוגעהירזשעט, ווי זי וואָלט זיך איצט שטארק דערפרייט מיט אים. מיט אביסל אָן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ האָט די גניאדע צוגעהונקען צו יודלען, באשמעקט אים מיט די גיטערדיקע הונגעריקע נאָזלעכער בא די פּאָלעס, ווי זי וואָלט געזוכט אביסל היי אָדער האָבער, אָדער עפּשער גאָר א ביסל טרוקענעם בוריאן. מיטן ווייכן צונג האָט זי אים א לעק געטאָן די האנט און צוגעהירזשעט דורך די נאָזלעכער.

יודל איז עטוואָס סוסלעוואטע געשטאנען אין די רויטע אונטערהויזן און געקוקט אפּ איר מיט פארזשמורעטע אויגן.

— נאָך ניט אוועקגעפּייגערט, אין ד׳רערד מיטן קאָפּ, — האָט ער אויסגעשפּיגן. ער האָט קאַלטבלוטיק צוגענומען די האנט, א קראַץ געטאָן זיך און נאָכדעם פּלוצלונג פארביסן די וואָנצן און א פּלעם געטאָן די גניאדע מיט דער פויסט אונטער דער מאָרדע.

— כאַלערע סאַפּאַטע, די מיסע משוגע נעמט זי ניט,—האָט ער פון די וואָנצן אַ שפּריץ געטאָן.

די גניאַדע האָט זיך אַביסל אָפּגעקערט, דאָס לינקע אויג איז בא איר פאַרלאָפן און אָנגעהויבן רינען. נאָך דעם האָט זי ווידער אַ טראָט געטאָן און אָנגעהויבן בלאָזן מיט די הונגעריקע נאָז־לעכער, געבויגן דעם קאָפּ אַנטקעגן יודלען און געלעקט אים מיטן צונג.

יודל פּיסקון איז אָפּגעגאַנגען און אויפגעהויבן אַ זאַוואַלע, ער האָט פון שלאָף פאַרקרימט דאָס לינקע עטוואָס קלענערע אויגל און פלוצלינג מיט דער זאַוואַלע דער שקאַפּע אונטערן בויך אַ טאַראַבענץ געטאָן.

— וווהין, כאַלעריע, וווהין קריכסטו, אין דרערד מיטן קאָפּ, אַ פּאַדלע אַזאַ און פיגערט ניט, ווי אַפּ צולאָכעס..

עס האָט אים עפּעס די לעצטע טעג בענאָיעט אַפן האַרצן, ער איז אַרומגעלאָפן אַ צעטראָגענעד און אַרויסגעקוקט אַלע ווײַלע, אַז די פּאַדלע זאָל זיך אָוועקלייגן. זי ציט אים אַרויס די אַצאָמעס. ביז וואָס, פאַלט אײַן די בלוט, מאַלע וואָס .. ער וואָלט זי דער־דישעט מיטן לייכער, איז בא דער ריאַבע דעמלט געבליבן אַ סימען, און ער איז שיר ניט אַרײַנגעפאַלן. ער האָט פאַרביסן די וואָנצן, סטולעוואַטע זיך אַ וואָרף געטאָן נאָך דער גניאַדע און ווידער דערלאַנגט מיט דער זאַוואַלע אונטערן בויך.

מיט די לעצטע קויכעס האָט די שקאַפּע זיך אַ טרייסל געטאָן און אַרויסגעשלאָגן אַ געדיכטע פּאַרע דורך די נאָזלעכער. זי האָט זיך אײַנגעבויגן אונטערן ביינערדיקן בויך און זיך אויסגע־צויגן.

— קיין קויעכ ניטאָ,—האָט יודל שווער געסאָפּעט,—זאָל נאָך כאָנצע אַזוי דערלעבן ראַבעווען, וויפל דו וועסט נאָך דיכען בא מיר, כאַלעריע מײַנע...

— נו, שטיי אויף,—האָט ער זי אין בויך אַרײַן מיטן נידעריקן שטיוול אַ זעץ געטאָן,—הייב זיך, פּאַדלע דו...

די גנ׳אדע האָט פארוואָרפֿן דעם קאָפּ אינדערהויך, און די פֿארגלאָנצטע אויגן האָבן געוויס דערזען אפ די קראָקוועס אָפּגעשוונדענע פעדערישע פעל, פרישע, מיט פארשניטענע ווײדלען זײַנען זיי פון איבער די קראָקוועס געהאנגען איבער איר.

כאָנצע איז געשטאנען אפ דער טאלאָקע און געקוקט אפן סטעפּ.

ווײַט, ווײַט האָט דער סטעפּ זיך געוויגט מיט געלבלוילעכע ווייצענע כוואליעס און ארופגעהויבן זיך אפ די בוריאנאָווקער בערג. ערגעץ אינעם ווייץ האָבן אפן בארג דאָרט געגרילצט גרינע היישעריקלעך.

— הײַנט, מאָרגן וועלן די כוטעראנצעס, ווי די מוראשקעלעך אין סטעפּ, ארויספּויזען, — האָט ער פארהויבן דאָס הארטע געלבלעכע בערדל צו די בערג, — זיי וועלן זיך צעקריכן איבער די מעזשעס און צוביסלעך צעשלעפּן דאָס ברויט יעדערער צו זיך אין שפּײַכלער ארײַן, אפ די בוידעמער, און, ווי די מײַז וועלן זיי דאָס צעטאָטשען. עס וועלן דאָ ווידער בלײַבן נאקעטע מעזשעס... און נאָכדעם וועט זײַן קאפּוט... ס׳איז גוט, וואָס זי איז געקומען, ווען ניט וואָלט דאָס ברויט ווי פאראיאָרן פארפאלן גיין. עך, מיר וועלן זיך איצט מיט איר צוזאמען א נעם טאָן, אז ס׳וועט הודיען... — ער האָט פעסטער צעגויסגעקוועטשט דאָס בײַטששטעקל, מיט א לײַכטערן און פריידיקן געמיט זיך געלאָזט צוריק אין כוטער. אָפּגייענדיק א פּאָר טריט, האָט ער פּלוצלינג זיך אָפּגעשטעלט.

פון יודל פּיסקונס ארומגעלייגטן הויף האָט ארויסגעלויכטן ערגעץ א פײַערל און ס׳האָט זיך דערטראָגן א טומל.

ער איז א ווײַלע געשטאנען, זיך אײַנגעהערט און פארקערעוועט מיט דער טאלאָקע צו יודלען אין הויף ארײַן. כאָנצע איז ארומגעגאנגען די זעמליאנקע, וואָס איז מיט איין פענצטער צו דער גאס געשטאנען, די איבעריקע פענצטער האָבן אין הויף ארויסגעקוקט. ער האָט שווער געטראָטן מיט די נאקעטע פיס איבערן

—

הויכן פּאָלין, וואָס איז געוואָקסן געדיכט הינטער דער זעמ־ליאַנקע.

— אַ מאָדנע בריִע,—האָט ער געטראַכט,—דער יודל, ווי אַ מויל־וואָרף איז דאָס... שטענדיק איז בא אים אַלץ פאַרהאַנגען און פאַרשפּאַרט, דער רויעך הייס אים, וואָס בא אים טוט זיך דאָרטן, אמאָל איז דאָס געווען דער עמעסער באַלעגופּל...

אין שטאַל האָט עפּעס שווער געסאָפּעט, געטרייסלט זיך, ווי עמעצער וואָלט דאָס דאָרט געפּײַניקט ביז ווײַסן שווייס אַרײַן.

אונטער דער סטרעכע האָט כאָנצע באמערקט אַ שמאָל שטאַל־פענצטערל. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם פענצטערל, אַרופּ־געצויגן זיך אַביסל און אַרײַנגעקוקט אין שטאַל אַרײַן.

די ליפּן זײַנען בא אים בלייך געוואָרן און האָבן אַ ציטער געטאָן.

אינמיטן שטאַל, צווישן די איבערגעקערטע קאָרעטעס, איז יודל אונטערגעשפּרונגען ווי אַ שוואַרצער האָן און מיט דער זאַוואַלנע געקנאַקט די שקאַפּע אונטערן בויך. פּלוצלונג האָט ער זיך מיטן פּלאָקן צום שטאַל־פענצטערל אויסגעדרייט, ווי ער וואָלט דער־שפּירט עמעצן הינטער זיך. אין שטאַל איז גלײַך פינצטער גע־וואָרן.

כאָנצע איז אַראָפּגעשפּרונגען פון שטאַל־פענצטערל און צוגע־לאָפן צו דער טיר. ער האָט אָנגעקלאַפּט. קיינער האָט ניט גע־ענטפערט. באַלד איז פון דער זעמליאַנקע יודל אַרויס, אָפּגעשטעלט זיך אַפן הויכן שוועל און מיטן קאָפּ אין דעם נידעריקן לוטעק זיך אָנגעשפּאַרט.

ער האָט אַ קליינעם ציטער געטאָן אין די קנעכלעך.

— דו האָסט פאַרבלאָנדושעט גלאַט אַזוי אָדער צו מיר טאַ־קע,—דאָס ער מיט פאַנאַנדערגעלאָפּענע אויגן כאָנצען אָנגעקוקט.

כאָנצע האָט ניט געענטפערט און מיטן בײַטש־שטעקל אָנגע־וויזן אַפ דער שטאַל.

— וואָס איז דאָרטן בא דיר אין שטאַל?..

— דער רועכ ווייסט זי, אַט קום אַרײַן,—האָט יודל זיך אָנגע־כאַפּט בא דער האַנט,—אַט קום, דו ביסט אַליין דער דאָרפראַט... א גאַנצע נאַכט קלאַפּט און קלאַפּט. כ׳גיי אַרײַן, די שקאַפּע איז אײַנגאַנצן נאַס, א לאַסקע מוטשעט זי. א לאַסקע האָט זיך פאַר־נאַדיעט און פּאַטערט מיר אוועק די פערד...—ער האָט זיך דער־פילט דרייסטער פון זײַן אײַנפאַל, צוגעגאַנגען צו כאַנצען און אים אָנגענומען פאַרן בײַטש־שטעקל.

— ס׳איז קאַלטלעך, האַ, כאַנצע?—ער האָט זיך א טרייסל געטאָן און זײַן שטים איז ווייך געוואָרן, ווי נאָך א רעגן,—קום אַרײַן, וועסט זיך אביסל דערוואַרעמען, עפּשער ווילסטו אביסל...—ער האָט זיך צו אים אײַנגעבויגן,—ניט? דו טאָרסט ניט? נו, וועל איך דיך ניט טשעפּען, וואָס איז מיטן קאָלעקטיוו, פאַרגעס ניט, כאַנצע, מיך, פאַרגעס ניט...

כאַנצע האָט בא אים אַרויסגעשלעפּט דאָס בײַטש־שטעקל פון די הענט און איז אוועק צוריק אין כוטער אַרײַן. גייענדיק האָט ער א טראַכט געטאָן וועגן יודלען.

— ס׳איז א כיטרע נעפעשל, מיר געפעלט ער ניט, דער טיפּ. צו אָפט בײַט ער די פערד, מ׳דאַרף, אָקאָרשט, מאַכן אַן אָבלאַווע באַנאַכט..

## פינפטער קאַפּיטל

גלײַך נאָכן טאַבון איז עלקע אופגעשטאַנען. א גאַנצע נאַכט איז זי אומרויִק געשלאָפן. אין די געדאַנקען האָט זיך געפּלאָנ־טערט—דער קאָלעקטיוו, דער פּאַרטיי־קאָמיטעט און דער סטאַ־וואָק... די געדאַנקען זײַנען גיך, גיך איבערגעשפּרונגען פון איין זאַך אפ דער צווייטער, און אָפּט האָט זיך צווישן זיי פאַר־פּלאָנטערט שעפּטל קאַבילעץ מיט זײַנע בולאַנע.

עלקע האָט אפגיך אָפּגעגעסן און נאָכדעם אוועק צופוס מיטן הופּלאָוועץ וועג אין דאָרפראַט וועגן מאַשינעס. איבערן כוטער האָבן זיך שוין איבערגערופן די לעצטע הענער, און זי איז פריש מיט א ברייטן טראָט געגאַנגען אַרופ באַרג.

אראָפּ דעם צווייטן הופּעלאָווער בארג האָט זיך געצויגן יונגע קוקורוזע. דער גרינער סטעפּ איז צעטיילט געוואָרן מיט אסאך פּארוואָקסענע מעזשעס אפּ שמאָלע קוקורוזע־פּאסן. עלקע האָט גייענדיק אויסגעריסן א קוקורוזע און אָפּגעטריבן די סטעפּ־פליגן, וואָס האָבן זיך געזעצט אפּ אירע ברוינע אקסלען. טיף אראָפּ בארג האָט זי אפּ א קוקורוזע־פּאס דערזען שיִע קוקוי. מיט אן איַנגעבויגענער פּלייצע האָט ער זיך געגריבלט אין בודזיאק, ער האָט מיט לאנגע דארע פינגער איינציקוויַיז געריסן דאָס גראָז, און ס'האָט זיך אלץ מער אָנגעקלעפּט בלאָטע בא אים אונטער די נעגל.

מע גראָבט זיך נאָך מיט די הענט,—האָט עלקע א טראכט געטאָן,—ווי די אוראלטע מענטשן, מע גראָבט נאָך אלץ מיט די אייגענע נעגל... סארא מעשוגענע ווילדקיַיט איז נאָך פאראן בא אונדז, סארא מעשוגענע ווילדקיַיט!.. און איצט,—האָט זי הויך א טראכט געטאָן,—האָט דער פּארטיי־קאָמיטעט זי געשיקט אהער אופּרייַסן מיט מאשינעס די דאָזיקע ווילדקיַיט, אופּריַיסן איינמאָל פאר אלעמאָל די פּארוואָקסענע מעזשעס...

זי האָט פאַרוואָרפן די בלאָנדע האָר אפּ הינטן, דערפילט א שטארקערע קראפט אין די פיס און איז אראָפּגעלאָפן אראָפּ בארג.

זי האָט אן אופּגערודערטע פארקערעוועט צו שיִע קוקויס מע־זשע.

— איר האָרעוועט,—האָט זי הויך באגריסט.

שיִע קוקוי האָט אויסגעגליַיכט דעם רוקן.

— א־א... האָרעווע און האָרעווע, און וואָס קומט ארויס, ברויט מיט קאדאָכעס... אָט אזוי ווי איר זעט פון פינצטער אָן.

עלקע איז צוגעגאנגען נעענטער צו דער קוקורוזע.

— וויפל מאכט איר א טאָג?

—כ'וויי... ס'ווענדט זיך, ווי מע ארבעט—האָט ער זיך א קראַץ געטאָן די פּאָטיליצע און באקוקט דעם שמאָלן פּאס קוקורוזע,—

א נײַע רײטער קאָן מען אַרויספּאַלאָטיען, ווען ס׳קלעקט קויעך.
עלקע האָט ניט אַראָפּגענומען די אויגן פון אים, פון זײַן אַרומגעריסענעם העמד און פון דער בלאָטער אפּן האַלדז.
— פּאַרוואָס קריגט איר קײן מאַשין ניט,—האָט זי ווי עטוואָס אופגערעגט זיך אָפּגערופן צו אים.
— עס, ווייס איך וואָס,—האָט ער א גענעץ געטאָן, — וואָס, מע קאָן מיט די הענט ניט, מיר האָבן צײַט... און ווידער—ווו זאָל מען זיי נעמען?...
— ווו זאָל מען זיי נעמען?—האָט עלקע אים איבערגעשלאָגן,— אַזוי ווערט איר אייביק יעדערער באַזונדער זיך גריבלען מיט די הענט, און איין מאַשין וואָלט די גאַנצע קוקורוזע, אַלעמענס מיטאַמאָל, פאַר צוויי טעג אויסגעפּאַלאָטיעט.
— כ׳ווייּ... דען נאָר איך בין אַזוי,—האָט ער זיך ווי פאַרענט-פערט—דער גאַנצער כוטער... סײַדן דאַרטן, בא זיי, אין די קאָל-ווירטן, הער איך, איז שוין אַנדערש. ווייס איך אויך ניט.
ער האָט אַרויסגעשלעפּט א שמאָל זעקעלע מאַכאָרקע און פאַ-רויכערט.
— הײַנט איז בא אונדז א פאַרזאַמלונג,—האָט עלקע זיך א כאַפּ געטאָן,—מירן ברענגען איצט אהער מאַשינעס, גענוג זיך שוין געגריבלט מיט די פינגער אין דער ערד, ניט נאָר פאַר קו-קורוזע, אַסאַך מאַשינעס וועלן מיר ברענגען פאַרן קאָלעקטיוו.
— מע ווערט דאַרפן צוגיין, מיר האָבן שוין גערעדט,—האָט ער א מאַך געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ס׳וואָלט באַטײַטן, אַז ער האָט שוין א מיינונג וועגן דעם,—דערווײַל דאַרף מען אַרבעטן.
פאַרנאַכט האָט שיִע קוקוי זיך אָוועקגעשלעפּט אהיים. אַרום באַרג, אף דער אָנטקעגנדיקער זײַט האָט ער דערזען שעפּטל קאָבילעץ. שעפּטל האָט זיך געגרויעט אף זײַן קוקורוזע.
— גיב א ציגאַר,—איז ער צו אים צוגעגאַנגען,—פאָלע און שאַרעווע, אין דער ערד זאָל דאָס גיין מיט אַזא אַרבעט... זי זאָגט א מאַשין... גיסט פאַרויכערן?

שעפסל האָט פרי׳ער זיכ געמאכט ניט הערנדיק, איצט האָט ער דערזענ, אז ער וועט פונ אימ ניט אָפּשטיינ, האָט ער זיכ א כאפּ געטאָנ בא דער קעשענע און ניט ווילנדיק אָנגעטאַפּט די מאכאָרקע.

— אפ מײַנ וואָרט ניטאָ. פארגעסנ אינ טאפּטשאנ, נעמ צערײַב א פּאָר קאלאטשיקלעכ. וואָס זאָגסטו א מאשינ, ווער האָט געזאָגט?..

— לײַגסט,—האָט שיִע קוקוי ארײַנגערוקט די הענט אינ קעשענע און אָנגעטאפּט דאָס אייגנס זעקעלע מאכאָרקע.—לײַגסט, גיב א טרייסל די קעשענע,—האָט ער אויסגעצויגנ די האנט,—נו, גיכ, סע ציט באַם הארצנ...

שעפסל האָט אויסגעשפּיגנ.

— כ׳זאָג, אז כ׳האָב ניט, כ׳ל דיר ושאלעווענ א קאפּ מאכאָרקע, קומ, לאָמיר אָנרײַסנ קאלאטשיקלעכ, כ׳וויל אליינ...

ער האָט זיכ אופגעהויבנ און זיי זײַנענ ביידע צוגעגאנגענ צו דער מעזשע, אָנגעריסנ עטלעכע צעטריקנטע בלעטלעכ, צעריבנ מיט די פינגער און פארדרייט גראָבע ציגארנ.

— סע סמאליעט דאָס הארצ,—האָט שיִע זיכ פארהוסט.

— איז וואָס דערציילסטו,—האָט שעפסל אויסגעשפּיגנ.

— כ׳ווייִ, די מויד, וואָס איז ארָאָפּגעקומענ, זי איז דאָ פארפרי אדורכגעגאנגענ, אפּאָנעמ, אפּ אנאניעווסק,—און ער האָט זיכ געלאָזט גיינ.

שעפסל האָט זיכ גענומענ שטארק צו דער ארבעט, ווי ער וואָלט ערשט ארויס אינ סטעפּ.

די זונ האָט זיכ שוינ גענעצט אלץ נידעריקער און נידעריקער אונטערנ בארג און איבערנ סטעפּ האָבנ אָנגעהויבנ גרילצנ די נאכט צירקונענ.

עלקע איז געגאנגענ פונ דאָרפראט עטוואָס אנ אופגערעגטע. גיכ האָט זי זיכ אופגעהויבנ פארבײַ שעפסלס קוקורוזע.

מיטאמאָל איז פונ צווישנ די גרינע בלעטער ארויסגעפלויגנ א שטיינ און דורכגעפײַפט פארבײַ איר. זי האָט זיכ א טרייסל

געטאָן און געבליבן שטיין. פון דער קוקורוזע איז ארויס געלאָפן גלייך א פארסאָפּעטער שעפּטל קאָבילעצ און געטיוקעט אפ א סוסליק.

דער סוסליק איז פלינק צוגעלאָפן צום וועג, דערזען מיט די קליינע לעבעדיקע אויגלעך עלקען, אויסגעצויגן דאָס ווייכע העלדזל און א וואָרף געטאָן זיך אָן א זייַט.

— קודי,—האָט שעפּטל געסאָפּעט. מיטאמאָל האָט ער עמעצן באמערקט אפן וועג, דערקאָנט עלקען און געבליבן צעטומלט.

— ווער איז?—האָט עלקע זיך עטוואָס דערפרייט.

— סוסליקעס, א פאהיבעל אפ זיי,—האָט ער געסאָפּעט—דאָס גאנצע ברויט פאטערן זיי אוועק.

— כ'האָב געמיינט, אז דו האָסט געוואָרפן אין מיר,—האָט עלקע א שמייכל געטאָן.

ער האָט זיך ארומגעקוקט און ניט געוווּסט וואָס צו זאָגן... נאָכדעם האָט ער מיט פארדריסלעכע קנייטשן אפן טעמפּן שטערן זיך ארומגעקוקט אין אלע זייַטן.

— פארפלאָדיעט זיך און האָדיע, טרייַב און טרייַב אין גאָרניט!

— דו טרייַבסט ניט, ווי מע דארף,—איז עלקע צוגעגאנגען נעענטער,—אזוי טרייַבט מען ניט סוסליקעס, דו פּודיעסט זיי נאָר פון זיך צו יענעם.

— ניין, כ'ל זיי טרייַבן פון זיי צו זיך,—האָט ער א שמייכל געטאָן. פון דעם, וואָס זי האָט גערעדט מיט אים אפ דו, האָט ער דערפילט זיך נעענטער, ווי ער וואָלט זי שוין לאנג געקאָנט.

— ס'איז אלציינס,—האָט עלקע געפּרווּוט אים דערווייַזן,—אויב טרייַבן, דארף מען פונעם סטעפּ.

— נו, דאָס ווייס איך ניט... פאר יענעם האָב איך ניט וואָס צו דייַגען. ווער דייַגעט דען פאר מיר?

— מע דארף זיך אלע נעמען, אליין וועסטו גאָרנישט ניט אופטאָן...

— הייבט זיך אָן: אלע, — האָט ער א בורטשע געטאָן.

— אָט הײַנט איז א פארזאמלונג, מיר ווען מאכן דעם קאָלעקטיוו, מירן קריגן מאשינעס, איינער אליין וועסטו אזעלכע קיינמאָל ניט קריגן...

— ווער ווייסט זיי מיט די קאָלעקטיוון, — האָט ער א הייב געטאָן די סאָפּקע, — דערווײַל איז דאָס א פינצטערע זאך...

עלקע איז מיטאמאָל געוואָרן אופגעלעבט.

— אָט איר פּלאָדיעט סוסליקעס, — האָט זי זיך אָנגעכאפּט, — דו אליין פּלאָדיעסט זיי, דו ווייסט וויפל ברויט זיי פאטערן, דו ווייסט, אז דו האָרעוועסט מער פאר זיי, חי פאר זיך...

זי האָט גערעדט אסאך וועגן די קאָלערליי באבעלעך, וועגן די זשוקלעך און היישעריקן, וואָס פארפלייצן דעם סטעפּ און פאטערן אוועק דאָס ברויט, און זי האָט דערוויזן זיכער, אז מע וועט זיי פארטרײַבן נאָר צוזאמען, נאָר מיט מאשינעס, מיט גאזן, מיט אעראָפּלאנען...

עלקע האָט אלץ גערעדט און גערעדט, און שעפטל האָט דעמלט געטראכט וועגן זײַנע הינער און וועגן א פּאָר הענט אפן טאָק.

## זעקסטער קאפיטל

דער רויטער ווינקל מיט די קײַלעכדיקע נידעריקע באלקנס איז געווען פול מיט כוטעראנצעס. מע איז געזעסן אף די לאנגע דעמבענע בענק, אף די פאנאנדערגעעפנטע פענצטער און געטומלט. אלע האָבן גערעדט און זיך ניט אומגעקוקט אפן פּרעזידיום.

עלקע איז געזעסן באם ברעטלדיקן טישל און גערעדט עפּעס צו קאָפּלדינערן, נאָר זי האָט גלײַכצײַטיק שטארק זיך אײַנגעהערט צום טומל, וואָס האָט זיך געטראָגן איבערן צימער.

— גענוג, — האָט זי א טראכט געטאָן, — פאנאנדערגעבונדן די צונגער, מע קאָן פאָרן ווײַטער, — און זי האָט זיך האסטיק אופגעהויבן.

1. דער סטעפּ רופט.

עס איז גלייך געוואָרן עטוואָס שטילער.

עלקע איז א ווײַלע רויק געשטאַנען, געוואַרט ביז יודל פּיסקון וועט דער לעצטער אופהערן בורטשען עפּעס, און זי האָט זיך ווידער אויסגעדרייט צו ליפּע זאָיקען:

— וויפל וועט געבן דײַנע א דעסיאַטינע?

אלע האָבן זיך א וויג געטאָן נעענטער אהער, צום פּרעזידיום.

— א פּוד—דער רועב ווייס דאָס,—האָט ליפּע א פּינטל גע־טאָן מיט די צעקראָכענע אויגלעך.—זעט אוים, ניט ווייניקער פון א פּוד צוואַנציק...

— און דײַנע,—זי האָט אָנגעוויזן אפ שיִע קוקוי.

ער האָט זיך א קראַץ געטאָן די נידעריקע פּאַטילניצע און הייזעריק א כריפּע געטאָן.

— א פּוד פופצן—עפּשער, אָדער דאָס אויך ניט...

אלע האָבן געוואַרט; אָט וועט זי פרעגן נאָך בא עמעצן, און יעדערן האָט זיך געדוכט, אז זי וועט געוויס פרעגן בא אים.

— אָט האָט איר אײַך,—האָט עלקע ווי פּאַרדראָסיק פּאַר־וואָרפן די האָר,—און איר ווייסט וויפל עס גיט קאָוואַלעווסק אָדער אנאַנעווסק? אָט בין איך הײַנט דאָרט געווען,—זי האָט זיך אפּ א מינוט אָפּגעשטעלט,— נײַנציק פּוד פון א דעסיאַטינע, נײַנציק פּוד.

איבערן צימער האָט זיך צעטראָגן א טומל, ווי א ווינט איבער גראָז.

— נײַנציק פּוד? עס קאָן ניט זײַן!

— יאָ, יאָ, ריכטיק, כ'ווייס אויך,—האָט עמעצער געשריִען פון דער טיר.

— און וואָס, אז נײַנציק,—האָט שעפּטל אומצופרידן א בורטשע געטאָן,—אז עס איז סײַווי ניט מײַנס, נײַנציק... בעסער אײגענע נײַנצן.

— נײַנציק פּוד?! .

— וואָס קענען מיר זיך גלייכן,— האָט זיך אופגעהויבן שיִע קוקוי,— עס איז פאַראַן נאָך ערגער, ווי בא מיר. אַלעמיי גיט בא אַסאַך אַפילע דעם זאָט ניט...

— איצט קאָנט איר זיך ניט גלייכן,— האָט עלקע באַקוקט די כוטעראַנצעס פון אַלע זייטן,— זיי האָבן ברויט, און איר האָט פּאָלינ. נאָר לאָמיר... פאַרוואָס קומט זיי מער, פאַרוואָס קומט זיי ניינציק פוד, און שיִע קוקוי פופצן?... רעגנס זיינען געווען די זעלבע. די ערד איז די זעלבע, די זעלבע שוואַרצערד, און ווינטן זיינען, דוכט זיך, אויך די זעלבע, איינגאַנצן 6 קילאָמעטער פון דאַנען, און די זון, ווי איר זעט, איז דאָך אַלץ איינע. פאַרוואָס זשע קומט זיי מער? זיי וועלן האיאָר עסן צו זאַט, ווייסברויט וועלן זיי עסן, זיי וועלן האיאָר פאַר דעם ברויט אויסבויען א שול פאַר די קינדער, זיי וועלן האיאָר פאַרפירן א סטאַדע שאָף, א מיל... עלעקטרע ווילן זיי שוין דורכפירן. און איר וואָס, אייך וועט קיין ברויט ניט סטייען, גערשטן-ברויט עסט איר, מאַמעליגע. איז לאָמיר א טראַכט טאָן, עפּשער, כוטעראַנצעס, קאָנען מיר אויך אָנהייבן לעבן?...

די כוטעראַנצעס האָבן זיך געשטופּט אַלץ נעענטער, פאַנאַנדער-געעפנט די מיילער און ניט אַראָפּגענומען די אויגן פון איר.

— איז אָט לאָמיר נעמען ליפּע זאיִקע. האיאָר, זאָגט ער, האָט ער צוואַנציק פוד. ער האָט געהאָרעוועט, צי ניט?... אויב ניט, וועלן מיר נעמען אַן אַנדערן,— זי האָט צוגעוואַרט.

— א האָרעפּאַשנער ייִד!

— ליפּע זאיִקע, פרעג איך, קאָן אַליין פאַרבעסערן אַפּ ווייטער זיין לעבן. ניין, זאָג איך... כאָטשבי דערפאַר, ווייל ער האָט ניט מיט וואָס, כאָטשבי דערפאַר, וואָס ער אַרבעט אָפּן באַלע-גום, ריכטיק, ליפּע?

— ש-ש-ש— האָט זיך אופגעהויבן א טומל.

— אַז איך האָב ניט מיט וואָס,— האָט ליפּע צעפירט מיט די הענט,— וואָס, איך האָב מאַשינעס, ווי זיי...

— זאיקע, רעכנ איכ, כאווייריס, איז גערעכט,—האָט עלקע גיכ ארופגעדרייט דעמ קנויט אינ לאָמפּ. איר איז אליינ געפעלנ געוואָרנ, וויאזוי זי האָט דאָ צונויפגעקניפּט.—אינ קאָוואלעווסק, אינ קאָלעקטיוו ארבעט מענ מיט מאשינעס, אונ ליפּע ארבעט מיט די הוילע הענט, דאָרט האָט מענ דעמ פּאר געהויבנ צו דער צייט, צו דער צייט געזייט, אונ אָט נעמענ זיי שוינ אראָפּ, אונ מיר ווילנ, אז ליפּע, צי שיע קויקוי, צי... ער,—האָט זי אָנגעוויזנ אפּ קאלמענ זאָהאָטנ,—זאָל איינער אליינ ארבעטנ אונ אויכ האָבנ נייַנציק פּוד פונ דער דעסיאטינ? ניינ, דאָס קאָנ שוינ ניט זייַנ...

— ריכטיק,—האָבנ די כוטעראנצעס געשאָקלט מיט די קעפּ.

— ריכטיק...

— וואָס עפּעס נאָר ליפּע, אונ בא מיר איז וואָס...

— אונ בא מיר. עס איז איינ קרענק...

— איז וואָס זשע זאָלט איר טאָנ,—זי האָט זיכ אויסגעדרייט צום פענצטער,—הערט אופּ רויכערנ... הייסט דאָס, אז סע בלייַבט איינ וועג, א גלייַכער וועג אונ אנ אויסגעטראָטענער... אָט מיט דער באלקע אפּ קאָוואלעווסק... אָט אזוי דארפ מענ ארבעטנ...

אינ צימער האָט זיכ ווידער אופגעהויבנ א טומל. זי האָט געפילט, אז זי קאָנ מער ניט ריידנ, האָט זי זיכ אוועקגעזעצט אונ זיכ אייַנגעבויגנ צו כאָנצענ.

— אָקסמאנ איז דאָ?

— ניינ,—האָט כאָנצע כמורנע א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ.

— אונ בערעזינ...

— אויכ ניט, ער איז, דאכט זיכ, אפּ די כוטערנ.

זי האָט זיכ אופגעהויבנ אונ צוגעוואַרט עס זאָל שטיל ווערנ. פונ צווישנ די כוטעראנצעס האָט זיכ אופגעהויבנ שעפטל קאָבי־לעצ. אפּ אימ איז געווענ א ריינ ציצנ העמדל, אונ ער האָט זאט אונ צופרידנ געשמייכלט מיט די פאסליאָנ־אויגנ.

— כ׳וואָלט געוואָלט,—האָט ער זיכ פארטשעפּעט מיטנ צונג אונ זיכ צוריק אוועקגעזעצט.

— רויִקער, כאווײרים,—האָט עלקע א קלאפּ געטאָן אין טיש,— א וואָרט באקומט קאָבילעצ. קום ארויס אהער צום טיש.

שעפּטל איז ברײַם צוגעגאנגען, אָנגעשפּארט זיך מיט דער האנט אָן טיש.

— איך בין, אזוי צו זאָגן, בא דער מיינונג, נאָר אָט וואָס, סע טראכט זיך מיר, אז עס איז סײַווי ניט זייערס. אָט האָט יודל...—און זיך פארכאפּט,—איז אָט פרעג איך, אפּ וואָס גייט אונדז דאָס דעמלט אָן, ווען מע קאָן באקומען מאשינעס און ארבעטן ווי פריִער, פאר זיך, אָט דעמלט פארשטיי איך, אז ס׳איז א נוצן.

עלקען האָט זיך אויסגעוויזן, אז די כוטעראנצעס האָבן זיך א ווייג געטאָן צו שעפּטלען. זי האָט א ווונק געטאָן צו כעמע טראסקון, ער איז צוגעשפּרונגען צום טיש.

— אפּן פראָנט ביסטו ניט געווען, האָסט געיאָלדעוועט,—האָט ער א קלאפּ געטאָן אין טיש,—נאָר נעמען וואָלסטו וועלן. צײַט איך קאָן דיר, וואָלסטו נאָר געשלעפּט צו זיך, און אונדזער פּארטיי טראכט ניט נאָר וועגן קאָבילעצן...

— זע, ער אויך אונדזער פּארטיי,—האָט עמעצער א שמייכל געטאָן,—דו ביסט נאָך דערווײַל אליין ניט קיין פּארטייער...

— אלציינס, אונדזער פּארטיי, איך בין געווען א פּארטיזאן,— האָט ער א קלאפּ געטאָן אין טיש,—אראָפּגעוואָרפן דעם שולץ, אונדזער פּארטיי טראכט ווע‏גן גאנצן קאָמנעזאם, און ער טראכט ווע‏גן זיך. און וואָס זײַנען מיר אלע?

— אויב מאשינעס, איז פאר אלעמען,—האָט דאָדע בורלאק זיך געהויבן פון אָרט.

— פאר אלעמען, וויפל עס זאָל ניט זײַן,—האָט שעפּטל אונ־טערגעהאלטן.

— ניטאָ פאר אלעמען!—איז ווילינאָוו אונטערגעשפּרונגען— פארן קאָמנעזאם און האָדיע.

— די קאָמענזאמניקעס.

איך זאָג אויך פאַר דעם קאָמנעזאַם, האָט דאָרט זיך פאַר-
ענטפערט, פאַר די אָרעמע...

רויק, האָדיע...

האָדיע.

עליקע איז אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר טריט, זי האָט געקוקט אַף די אופגערודערטע כוטעראַנצעס. גוט, האָט זי געטראַכט, זאָלן זיי זיך צעהיצן. זי האָט אופגעהויבן די ברוינלעכע האַנט.

עס איז שטיל געוואָרן.

אָט, כאַווײרים, האָבן מיר דאָ גערעדט וועגן אַ קאָלעקטיוו, האָט זי זיכער אָנגעהויבן ריידן מיר האָבן שוין געזידלט כאָנ-צען, וואָס ער האָט אויך ביז איצט ניט געהאָלפן אָרגאַניזירן אייך, אָרעמע און מיטעלע פּויערים. איצט דאַרפן מיר באַשטימען, אויב אָקסמאַן, צי בערעזין וועט וועלן אַריין אין קאָלעקטיוו...

ניין, ניין, האָט זיך נעבן פּענצטער אופגעהויבן אַ גע-שריי.

אין דרייער מיטן קאָפּ.

אפן בייסוילעם זיי אַן אָרט.

גענוג געזשרעכעוועט...

האָדיע זיי...

עליקע האָט טרייסלעך אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש.

הייסט עס, אַז סיי אָקסמאַנען און סיי בערעזינען וועלן מיר אין אונזער קאָלעקטיוו ניט אויפנעמען. ריכטיק, כאַווײרים, און איצט. ווער עס וויל זיין מיט אָקסמאַנען קען גיין. און די, וואָס זיינען מיט אונדז, בלייבן, און מיר וועלן גלייך עפענען די פאַר-זאַמלונג פון קאָלעקטיוו.

זי האָט גלייך דערזעהן, אַז זי האָט עפּעס דורכגעלאָזט. זי האָט געוואָלט פאַרכאַפּן. עס איז אָבער איצט שווער געווען אָפּ-צושטעלן דעם טומל. די כוטעראַנצעס האָבן זיך געשפּאַרט צו דער טיר, ווי יעדער וואָלט וועלן אומבאַמערקט אַרויס. אַ גרופּע איז געבליבן שטיין אפן שוועל. זי האָט, דאַכט זיך, געוואַקל-

אַ גאַנצן טאָג האָט די זון שטאַרק געפּאַליעט איבער דעם פּאַנאַנדערגעוואָרפענעם כוטער · געסאַרפּעט דעם געלבלעכן סטעפּ.

פאַרנאַכט איז די זון פאַרגאַנגען אַ שטאַרק רויטע הינטערן געדיכטן שטויב, וואָס דער טאַבון האָט אופגעהויבן, און איבערן כוטער איז אַ קילער אָוונט צוגעפאַלן און עטוואָס פאַנאַנדערגעשאָקלט די ביימער בא די פּאַו׳וואָקסענע קאַנאַוועס.

מיט אַרויסגעשטעקטע צינגער זייַנען איבער דער גאַס אַרויסגעלאָפן די הינט און אַוועקגעיאָגט זיך, ווי אַפ אַ כאַסענע, אַנטקעגן דעם שטויביקן טאַבון לאָשעקעס. נאָך די הינט האָבן זיך פון די הויפן באַוויזן די כוטעראַנצעס. זיי זייַנען קאַלטבלוטיק געגאַנגען מיט די גראָבע פאַרטריקנטע שטריק אין די הענט, אַפ די אַקסלען און אַפ די העלדזער פאַרוואָרפן.

שיִע קוקוי איז געגאַנגען אָן אַ זייַט, מיטן גראָז. שוין דער צווייטער טאָג זייַט דעם ..., אַז ס׳מוטשעט אים דער געדאַנק וועגן קאָלעקטיוו.

— וואָס האָב איך וואָס אָנצוּווערן, — סײַדן דעם דאָלעס, — האָט ער געטראַכט. — און אַזוי אָט האָב איך שוין ניט מער נאָך וואָס אַרויס אין סטעפּ, אַ דײַגע איז דאָס, זאָל זײַן צוזאַמען, אַבי אַראָפּנעמען מײַן שטיקל ברויט. אַז זי איז עפּשער געראַכט...

מיט די זעלבע געדאַנקען איז געגאַנגען וואָווע דרויאַן, רוווע סמעקין און נאָך אַנדערע. און יעדערער פון זיי האָט זיך מיט שרעק געצויגן אַהין, צו זיי אין קאָלעקטיוו. געפילט, אַז אַליין וועט ער זיך ניט ספּראַווען, אַז עס וועט ווײַטער אויסקומען גיין צו יאַנקעוו אָקסמאַנען אָדער צו סימכען נאָך אַ קאָסע, נאָך אַ ראָד אָדער אַ שקאַפּע...

אַרום דעם פאַרנאַכטיקן זאַהאָן איז געווען טומלדיק. די כוטעראַנצעס האָבן זיך שוין דאָרט אַרומגעדרייט מיט די שטריק אין די הענט, צעזעצט זיך אַפ די סלופּעס און פויל, מיט האַנאָע פּאַרדרייט גראָבע מאַכאָרקע־ציגאַרן.

א באָרוועסער, אין קורצע וואָליק־הויזן איז צום זאהאָן פון הינטער דעם אמבאר אָנגעלאָפן דאָוויד־בער, א פארסאָפּעטער מיט א פארשוויצטער באָרד.

— יירן, סע חושעט, דאָס ברויט שים זיך... די פוסטע זאנגען הושען איבערן סטעפּ...

ער האָט שווער געסאָפּעט און געווישט זיך דעם שווייס פון דער שווארצער באָרד.

די כוטעראנצעס זיינען פויל אראָפּגעקראָכן פון די סלופּעס און אים ארומגערינגלט.

סימכע בערעזינ איז געזעסן אָן א זייט אף די גרויסע ווייסע שטיינער נעבן דעם אמבאר. ארום אים זיינען געזעסן כוטע־ראנצעס. טאנכע סלאָבאָדיאן האָט עפּעס דערציילט, די כוטע־ראנצעס האָבן געלאכט. סימכע בערעזינ האָט ניט געהערט. ער האָט פארקוקט זיך אפן אמבאר...

— וואָס טוט זיך דאָס,— האָט ער געטראכט,— דער פּאפּיר איז שוין לאנג אוועק אהין און ווי אין וואסער אריין... אז עס איז איין קאמפּאניע גאנאָווים. איינער דעם אנדערן... וואָס טראכט ער זיך, אָקסמאן... אויב מע וועט איצט נים אָפּראמען כאָנצען, איז פּאסקודנע. אים וועט מען שטיקן, וואָס בין איך... וועגן מיר טראכטן זיי אפילע ניט...

ער האָט א קוק געטאָן פון אונטערן אמבאר און א מאָדנער געפיל האָט אים ארומגעכאפּט.

דער רויט־געפארבטער, עטוואָס אָפּגעקראָכענער הילצערנער אמבאר איז געשטאנען אף אסאך גרויסע ווייסע שטיינער. פון יאָר צו יאָר האָט דער כוטער אָפּגעשאָטן טווע דאָ אין די זאקראָמעס. אמאָל איז דאָ באלעבאָס געווען יאנקעוו אָקסמאן, ער איז געווען דער שולץ און אלע שליסלעך זיינען געווען בא אים. יאנקעוו אָקסמאן האָט גוט געוווסט דעם אמבאר, יעדן זאקראָם, יעדער ברעטעלע. ער האָט דעמלט אליין געהייסן אויסבויערן א היפשן לאָך אין ווינקל פון דעם דעמבענעם דיל, קעדיי צו באפרישן

די לופס. פון צײַט צו צײַט פלעגט ער דעם װענטילאַטאָר אין דיל פאַרשטעקן מיט א פּראָפּקע.

איצט זײַנען די שליסלעך פון אמבאַר געלעגן באַם פּראָזיצער פונעם אָרעמפּויערקאָם, באַ כאַנצען. באַ יאַנקעװ אָקסמאַנען איז פאַרבליבן א שטאַרקער װײַטעק נאָך די שליסלעך און א סינע צו כאַנצען. פאַראיאָרן, װען ער האָט אראָפּגעפירט זײַן װײץ אין אמבאַר, האָט ער שװײַגנדיקערהײט זײ אראָפּגעטראָגן, קײנעם ניט געפרעגט און אױסגעשאָטן דאָרט אין װינקל, װו ס'איז געװען די פאַרשטעקטע לאָך אין דיל. כאַנצע האָט געבורטשעט, פאַרװאָס ער האָט ניט געשאָטן אין זאַקראָם, נאָר יאַנקעװ אָקס־מאַן איז געװען אײנקאַעס פאַר דעם װײץ, פאַר די שליסלעך, פאַר אלץ, און ער האָט געמאַכט זיך ניט הערנדיק. נאָכדעם האָט אפּן זעלבן אָרט אָפּגעשאָטן זײַן װײץ סימכע בערעזין. און נאָך־דעם האָט שױן כאַנצע געהײסן אנדערע שיטן אהין.

דעמלט איז יאַנקעװ אָקסמאַנען גאָרנישט ניט געקומען אפן זינען. ער איז פּאָשעט געװען שרעקלעך אופגערעגט פאַר די ברױט־פאַרגרײטונגען, ער איז געװען צעטומלט. נאָכדעם, אין א היפשער צײַט ארום, האָט ער זיך צופעליק דערמאָנט אָן דעם װענטילאַטאָר אין דיל. דער װענטילאַטאָר איז געװען פונקט אונטער דער קופּע װײץ. פונעם דערמאָנען זיך האָט באַ אָקס־מאַנען שטאַרקער אָנגעהױבן קלאַפּן דאָס הארץ, און סע האָט אים אראַנגעװאָרפן אין אן אומרויִקײַט. ער האָט געפילט, אז די קופּע װײץ אין אמבאַר ליגט באַ אים אין די הענט, ער האָט געפילט, אז מע קאָן דאָ עפּעס טאָן... נאָר ט'האָבן אים געציטערט די הענט, און ער האָט פאַרבײַגײענדיק מיט א געװיסער אָנצו־הערעניש דערציילט װעגן דעם סימכע בערעזינען.

ס'איז געװען מיט א פּאָר כאָדאָשים צוריק. די נאַכט איז געװען א שװאַרצע, א כמאַריקע, אָן אײן שטערן. סימכע בערע־זין איז פּאָרזיכטיק ארונטערגעקראָכן אונטערן הילצערנעם אמבאַר און אװעקגעקראָפּעט זיך צום װינקל. קײנער איז אין גאַס ניט

געוועז. ער האָט לאַנג געמאַטערט זיך, געלעגן אַפּ דער זײַט און געזוכט מיט אַ שטעקל. שפּעטער האָט ער די לאָך קוים געפונען, אַרויסגעשטופּט די פּראָבקע און דערפילט, ווי איבער דער באָרד האָט זיך פּאַמעלעך אַ שאָט געטאָן ווייץ. די פּראָבקע האָט, קאָנ־טיק, זיך אַרויסגערוקט אָן אַ זײַט, אַזוי, אַז דאָס ווייץ האָט קוים־קוים צוביסלעך די גאַנצע צײַט זיך געשאָטן.

פון זײַן אַנטקעגנדיקן הויף האָט ער פאַרטריבן די הינער מיט די קאַטשקעס אונטערן אַמבאַר, אײַנגעגנאַדיעט זיי צו דעם ווייץ וואָס האָט זיך אַלץ צוביסלעך געשאָטן, און זיי האָבן זיך גאַנצע טעג געפּאַשעט.

פון טאָג צו טאָג האָט סימכע בערעזין געזען, ווי די הינער עסן זיך אָפּ, ווערן פעטער, און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס ברויט אין אַמבאַר ווערט בײַ כאָנצען צוביסלעך ווייניקער און ווייניקער.

ער איז מער אַהין אונטערן אַמבאַר ניט געקראָכן, נאָר פון צײַט צו צײַט פאַרבײַגעגאַנגען, אָפּגעשטעלט זיך נעבן זאַהאָן, פאַרשטאָכן אַ פּוס און אָוועקגעזעצט זיך אַ קוק טאָן, ווי די הינער עסן דאָרט.

— דאָרטן ליגט געווען מײַנס, נישקאָשע, זיי מעגן זיך האָדעװען, ניט קיין פרעמדס עסן זיי, — האָט ער געטראַכט, — ס'שוין אַ היפּש ביסל טווע אַרויסגעסמיטשקעט... אויב יעדן טאָג אַ פונט פּופּצן, קאָן דאָס פאַר די זעכציק... זיבעציק טעג אָנטרעפן... — האָט ער געכעזשבנט, — אַ פּוד... פינף און צוואַנציק, — ס'ט אים שוין, דאַכט זיך, קלעקן...

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט סימכע בערעזין איבערגעגעבן אָקסמאַנען, אַז ער איז געווען בײַם זאַהאָן, געזוכט דאָרט זײַן געלעהון און געפונען זי גאָר אונטערן אַמבאַר. און אונטערן אַמבאַר, — האָט ער מיט אַ כידעש דערציילט, — שיט זיך די טווע אין ווינקל, שיט זיך און שיט זיך.

— אַוואַדע אַ פּוד פּופּציק האָט זיך געמוזט אויסשיטן, — האָט ער זיך געסטאַרעט אַרופּציִען אַפּ זיך אַ שרעק, — דערמאָנט זיך,

אַ יאָר צײַט באַלד, און ס'האַלט זיך אין איין שיסן און היגער צעפּאַטערן דאָס.

יאַנקעוו אָקסמאַן האָט לעכאַטכילע זיך עפּעס דערשראָקן און נאָכדעם געבליבן צופרידן.

— אויב עס פעלט... אויב עס פעלט... די שליסלען זײַנען בא כאַנצען, ס'איז רעכט, אַז ער אַליין האָט דאָס געעפנט און שלעפּט...

ער האָט געוווּסט, אַז כאַנצע וועט דאָס ניט טאָן. אויב ער וועט וועלן גאַנווענען, האָט ער די שליסלעך. נאָר ער האָט זיך געלאָזט אײַנריידן.

— אויב עס פעלט... יאָ... ס'איז זײַן ארבעט...

— אוואדע, אוואדע,—האָט סימכע בערעזין זיך געטרייסלט,— אזא זאך טאָרן מיר ניט פאַרשווײַגן. אונדזער ברויט, אונדז שינדט מען די הויט...

אָקסמאַן האָט אים אָנגענומען פאַר דער האַנט און אָפּגעפירט אָן א זײַט.

— און ווי, אַז מע זאָל איצט פאַרשטעקן די פּראָבקע?...

סימכע האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. אים האָט זיך געדוכט, אַז אָט באַלד וועט אָקסמאַן אין זיי דערקענען עפּעס...

— פאַרמאַכן, און לאָמיר הייסן איבערוועגן דאָס ברויט. פאַר מײַנע צײַטן האָט קיין פונט ניט געפעלט. אָט דאָ קאָן מען זיי אָנקוועטשן...

דעם בדיוו אין פאַרטיי-קאָמיטעט האָבן אָנגעשריבן סימכע און אָקסמאַן. אָנגעהויבן האָט ער זיך אזוי:

„מיר שרײַבן אײַך, אַז כאַנצע זעלענאָוועקער, וואָס איז בא אונדז דער פאָרזיצער און האַלט בא אונדז די שליסלעך פונעם א זבאַר, פּאַטערט אַוועק דעם כ׳טער. בא אָקסמאַנען איז אמאָל געווען אַלץ גוט, און איצט פײַניקט ער אים, און אַליין גאַנוועט ער ברויט פונעם קאָהאָלשן אמבאַר און פאַרקויפט אפן מאַרק...

און צום סאָף האָבן זיי אונטערגעשריבן: „קאָמנעזאַמניקעס".

און שוין וויפל צײַט, אַז קיינע יעדיִעס פון זייער קאָמיטעט קומט ניט אָן, און פון טאָג צו טאָג מאַכט ער דאָ אָן גרעסערע צאָרעס.—וועגן דעם האָט געטראַכט סימכע בערעזין.

דאָוויד־בער האָט נאָך אַלץ געשריִען צווישן די כוטעראַנצעס און געמאַכט מיט די אומגעלומפּערטע גרויסע הענט.

סימכע בערעזין האָט זיך צוגעהערט און זיך אופגעהויבן.

— וואָס וויל דער פּויליאַק? מע זאָל אים נאָך אַלץ געבן און געבן?

— איך בין א פּוילאַק,—האָט דאָוויד־בער א שפּריצ געטאָן מיט שוים איבער די פאַרויכערטע וואָנצעס,—איך האָב אַפ דײַן פּעמפּעק געהאָרעוועט, האָב איך...—ער האָט זיך גערוקט אַפ סימכע בערעזינען.

— יאָ, האַק אים, קנאַק אים אין די ציין,—האָבן די כוטעראַנצעס געלאַכט און געשריִען,—האַק, דאָוויד־בער, מיט דער קאָפּיטע, מיט דער קאָפּיטע...

— האַק, א כאָלערע אין זיי, אין באָרד דערלאַנג אים, אין באָרד...—האָבן די כוטעראַנצעס אַלץ שטאַרקער געשריִען, ווי זיי וואָלטן שוין לאַנג געוואַרט, אַז מע זאָל סימכען אָנלייגן די ביינער.

דאָוויד־בער איז געשטאַנען אַנטקעגן סימכע בערעזינען מיט אַן אויסגעבויגענעם האַלדז, מיט בלוטיקע אויגן און שווער געסאָפּעט. ער האָט זיך אַביסל אויסגעגלײַכט און אויסגעשפּיגן.

— סע שטינקט פון אים,—האָט ער זיך צו די כוטעראַנצעס אויסגעדרייט.

די כוטעראַנצעס האָבן זיך הויך צעלאַכט.

— האָדיעו!—האָט שעפּטל א שפּײַ געטאָן פאַרבײַ די פּיס,—ער האָט קיינעמס ניט פאַרנומען, ער האָרעוועט אַליין.

— כ'האָב מער פאַר אים געהאָרעוועט, בא אים,—האָט וואָווע דרויאַנ פאַרהייבן די שטריק,—כ'האָב מער געהאָרעוועט פאַר

אָקסמאנען און פאר אים, — ער האָט אָנגעוויזן אפ סימכען — און קיין ווילע האָב איך ניט!

— וואָס שרייסטו אפ מיר, — האָט סימכע בערעזין זיך צע־פינטלט מיט די אייגן, — וואָס האָט האווקעט איר, כ'האָב כאסוועכאָלילע בא אייך קיינעם גאָרניש ניט פאַ־נומען, אדעראבע...

— וואָס מיר אדעראבע... א בייטש־שטעקל, אין דער ערד מיטן קאָפ, האָב איך ניט און געהאָרעוועט? הא? — האָט דאָוויד־בער געשריִען.

די לאָשעקעס אין זאהאָן האָבן זיך געשטויסן אָן די שטארק ארומגעביסענע האָריקע קלעצער, געביסן איינע די אנדערע, געהירזשעט און געריסן זיך פונעם זאהאָן אין כוטער, אין סטעפ ארײַן.

איבערן זאהאָן איז געלעגן די זאוואלע און פארהאלטן זיי. אפ דער זאוואלע האָט זיך אָן א זייט צוגעזעצט יודל פיסקון.

— געהאָרעוועט, צי ניט? — האָט דאָוויד־בער נאָך אלץ גע־שריִען — געאקערט בא אָקסמאנען, אומעטום געארבעט... און א בייטש־שטעקל האָב איך דאָך ניט!

— א שנייד־מעסער איז ניטאָ — האָט ליפע זאיקע אויסגעשריען.

— א שוואָרען אין וואָגן, א בליץ זיי אין זאהאָן ארײַן! — האָט עמעצער געשריִען.

דער טומל איז געוואָרן אלץ גרעסער. אינמיטן איז געשטאנען סימכע בערעזין, און די כוטעראנצעס האָבן זיך געשפארט אפ אים און געפאָכעט מיט די שטריק.

— אין קאָלעקטיוו, אין קאָלעקטיוו!... — האָט עמעצער געשריִען.

— האָדיע מיטן קאָלעקטיוו, — האָט שעפטל א מרוקע געטאָן, — וואָס האָט איר צו סימכען...

סימכע איז אָפגעגאנגען אָן א זייט. די כוטעראנצעס זיינען געבליבן שטיל, ווי מע וואָלט זיי אָפגעגאָסן מיט א קאלטן עמער וואסער. ס איז שוין געווען גוט טונקל.

פון כוטער איז מיטאמאָל אָנגעקומען כאָנצע. ער איז א כאָר־וועסער געראָסן צוזעמאַנגען צום זאהאָן.

אַלע האָבן זיך אַרומגעקוקט און זיך אויסגעדרייט צו אים.

— ער איז שוין דאָ, דער קעלנער, — האָט סימכע א טראַפּ געטאָן און אָפּגעגאַנגען אָן א זײַט, — מיט אים איז א סאַקאָנע זיך אָנהייבן, מיטן הונט... גייט אַרום אָן א קייט...

— מע מוז מאָרגן אַרויספאָרן אין סטעפּ, — האָט כאַנצע א מידער זיך אָפּגערופן, — כ'גיי איצט פון דאָרט, דאָס לאַנד דאַרף ברויט, און באַ אונדז שיט זיך דאָס ברויט אַזוי ווינט. מאָרגן מוז מען אַרויספאָרן שנײַדן...

די כוטעראַנצעס האָבן מיטאַמאָל זיך אופגעכאַפּט.

— מיט וואָס?

— מיט די ליידיקע הענט שנײַדן?

— ניטאָ מיט וואָס!!

— ווער סע האָט ניט, קאָן גיין אין קאָלעקטיוו.

— אין קאָלעקטיוו? — די כוטעראַנצעס האָבן זיך צעכראַמט, ווי א טאַבון אָקסן ערעוו א שלאַקס־רעגן. דער טומל איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער און וועקגעטראָגן זיך איבערן כוטער.

עלקע האָט אין רויטן ווינקל דורכגעפירט א זאַמלונג פונעם פּיאָנער־אָטריאַד. זי האָט דערהערט דעם טומל, אַרויסגעלאָפן און זיך געלאָזט צום זאַהאָן.

— וואָס איז דאָ? — האָט זי א פרעג געטאָן און אָנגעוויזן אַף די כוטעראַנצעס. זי האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז מע קאָן דעם טומל פאַרוואַנדלען גרינג אין א פאַרזאַמלונג, האָט זי האָט געטראַכט ווידעראַמאָל דורכפירן און פאַרשלאָגן זיך א באַשלוס אין קאָלווירט.

עלקע האָט זיך דורכגעשטופּט צווישן די כוטעראַנצעס.

ווי האָבן זי באַמערקט און ס'איז פּלוצלונג שטיל געוואָרן. אַלע האָבן דערפילט, אַז זי וויל ווי עפּעס זאָגן און זיך צוגע־רוקט נענטער צו איר.

ווי אַזוי זאָל איך זיי זאָגן, אַז זיי זאָלן פאַרשטיין, — האָט עלקע געטראַכט. ווי אַזוי זאָל איך זיי דערקלערן, אַז דער...

קאָלעקטיווע ארבעט קאָן מען אָנהייבן לעבן אסאך בעסער, אז מע דארף אָנהייבן פון אָנהייב, אז מע קאָן אויסבויען א נײַ דאָרף, א ליכטיקע אונ א זאטע, א נײַ סאָציאַליסטיש דאָרף מיט עלעקטרישע לאָמפּן...

זי האָט דערפילט, אז צו לאנג געדויערט בא איר דאָס אָנכאַפּן דעם געדאנק, אונ זי האָט פארוואָרפן די האָר. די כוטעראנצעס האָבן זיך נעענטער א שפּאר געטאָן.

יודל פּיסקון האָט דערפילט א געפאר. ער האָט זיך ארומגעקוקט מיטן עטוואָס קלענערן אויגל אונ פאמעלעך זיך צוגערוקט צום סלופ, וואָס איז פארוואָרפן געווען איבערן זאהאָן, צו דער זאוואלע, וואָס האָט פארהאלטן די לאָשעקעס.

— אָט האָסטו דיר, — ווי די בעהיימעס זײַנען זיי, — האָט ער פארביסן די וואָנצן, — זאָג זיי א וואָרט, אונ זיי ציִען שוין די העלדזער, פארברענט זאָלן זיי ווערן...

— כוטעראנצעס, — האָט עלקע איבערגעריסן די שטילקייט, כוטעראנצעס, לאָמיר...

— בראווא, — האָט דאַוויד־בער געשריִען, בראוואָ...

— בראוואָ, — האָבן די כוטעראנצעס זיך א הוידע געטאָן.

— די כאָלערע וועט זי דאָ די הרעבליע דורכפאָרן, — האָט יודל די ציינ עטוואָס פארקריצט אונ א שטופּ געטאָן די זאוואלע פון זאהאָן.

די זאוואלע איז טעמפּ פּלוצלינג אפּ דעם קיזיק אראָפּגעפאלן אונ די לאָשעקעס האָבן זיך א טראָג געטאָן, ווי מיט א זאווערוכע פונעם ענגן זאהאָן, געשטרונגען, געבריקעוועט מיט די פיס, צעהירזשעט אונ זיך אוועקגעיאָגט איבערן כוטער.

די כוטעראנצעס האָבן מיט א געשריי פארוואָרפן די פענטעס, א שטופּ געטאָן זיך איינער אפּ דעם אנדערן אונ זיך געלאָזן לויפן.

די לאָשעקעס!.. דער זאהאָן!.. די ושערעבצעס! האָבן זיי געשריִען אונ פאנאנדערגעלאָזן זיך מיט די שטריק איבערן כוטער.

ארום זאהאָן איז באלד געבליבן שטיל. עלקע איז געשטאנענ מיט א האלב אָפענעם מויל. נעבן איר איז געשטאנענ כאָנצע.

יודל פיסקונ איז אינ די נידעריקע שטיוועלעכ צוגעגאנגענ צו זיי.

אז וואָס רעדט איר מיט זיי, מיט זיי דארפ מענ ריידנ אנדערש. איר זעט דאָכ, אז זיי וועלנ אינ קאָלעקטיוו ניט גיינ.

כאָנצע האָט אפ אימ א קוק געטאָנ און זיכ באלד דערמאָנט אָנ דער שקאפע.

קומ, האָט עלקע אימ א רופ געטאָנ, מיר האָבנ איצט די פראקציע, כאפ זיכ ארײַנ צו מאטוסנ, וועסט אימ א רופ טאָנ.

ווער האָט געקאָנט ארויסלאָזנ די לאָשעקעס, האָט כאָנצע א טראכט געטאָנ, גייענדיק צום רויטנ ווינקל.

איבערנ כוטער האָט זיכ געכמארעט דער הימל, און פונ אלע זייטנ האָט זיכ געטראָגנ א געשריי און א בילנ פונ הינט.

## אנטער קאפיטל

יודל פיסקונ איז אוועק אראָפ גאס. פונ ביידע ברעגנ כוטער, פונ די פאנאנדערגעוואָרפענע הויפנ און פונ די קארטאָפל־גערט־נער האָט זיכ געטראָגנ א בילערײַ פונ די הינט. איבער די פאר־וואָקסענע גערכנער און באמ סטאוואָק האָבנ די כוטעראנצעס זיכ געיאָגט נאָכ די לאָשעקעס, געסרוקעט און ביטער געזירלט זיכ אינ דער ערד ארײַנ.

יודל האָט פארקערעוועט צו די קאנאוועס און, גיכ גיכ אונ־טערהינקענדיק, איז ער אוועק מיט דער סטעזשקע דורכ די [illegible] ליסארניקעס. די אָונטיקע אקאציעס אינ יזיינשל ביימער האָבנ געציטערט איבער דער סטעזשקע מיט די שאָטנס פונ די אָפגע־דארטע צווייגנ. אינ איר האָט זיכ [illegible] ביטער [illegible], אז די הינט אינ ביטער [illegible]

[illegible]

ער איז אוועק גלײַך מיט דער סטעושקע און געפּאַרקעט בײַ ווייטעק די וואַנצ בײַ דער צעשפּאָלטענער ליפּ.

— ניין, כ'ל זי לאָזן ציִען די וואָזשקעס, א בלאַט צו איר, ביסקל איך אָטעם, וועלן זיי מיר דעם האלדז ניט אריבערפאָרן...

צוביסעלעך איז אים ווידער באפאלן אן אומרו: ער האָט זיך דערמאָנט, אז ער האָט שוין עטלעכע טעג ניט באקוקט דעם סטויג גערשטן-שטרוי... דאָס הארץ האָט זיך אָפּגעריסן בײַ אים.

— ווי גיט ער דאָס ניט א קוק, ווער ווייס, וואָס טוט זיך שוין דאָרטן, ס'איז רעכט, אז סע טוכלעט, א בראָך צו זיי... ווער האָט אים געבעטן ארײַנפּערען אזויפיל געלט אינעם ווייצ... באגראָבן אזא מאטבייע אין דער ערד, און ווער ווייס, וואָס סע קאָן נאָך ארויסשפּרינגען. ער האָט געצופּט איינציקע האָר פון דער וואָנצ און זיי געביסן...

אראָפּ צאָמבער-בערגל האָט ער פארקערעוועט צו זיך אפּן ברעג כוטערישן הויף, ארומגעלאָפן די לענגלעכע שטאַל, ווו די גניאדע שקאפּע איז געלעגן פארשפּארט און אויסגעהונגערט, און איז פּאַרזיכטיק אוועק צום גערשטן-סטויג, וואָס איז געשטאנען בײַ דער קלוניע. ער האָט זיך דאָרט היפּש ארומגעדרייט, געצויגן מיט די נאָזלעכער, ווי א הונט, וואָס וויל עפּעס דערשמעקן פון אונטער די שטרוי, באקוקט, צי קיינער דרייט זיך דאָ ניט ארום, און איז ארײַן אין זעמליאנקע.

אין נידעריקן גרויען צימער האָט שטארק געשמעקט מיט פרישן בעהיימישן קיזיק און זויערע ראָשטשינע. אין טוכלען ווינקל, בײַ דער אויסגעשאָטענער קופּע גערשטן האָט זיך געפּאָ־רעט יאָסקע, זײַן נײַניאָריק איינונייניציק יינגל. ער האָט הויך געבלאָזן מיטן שכאַ־ק ברייטן נעזל און עפּעס געבורטשעט. ווען ער האָט דערשפּירט אפּן שוועל יודלען, האָט ער א ציטער געטאָן און געבליבן שטיל. הינטער דער קאמער אין דער צעפּאָרענער הילצערנער בעט האָט זיך אופגעהויבן דאָבע.

— יודל, ס'ביסטו?...

יודל האָט פון אונטער איר פולן גוף ארויסגעשלעפּט די
אלטע בורקע, וואָס ער האָט פון דער פוילישער גרענעץ געבראכט,
און גענומען פארהענגען דאָס שמאָלע פענצטערל, וואָס האָט
צום כוטער ארויסגעקוקט, אהינצו צום רויטן ווינקל.

אינעם רויטן ווינקל האָבן דעמלט א פּלייץ געטאָן אין העלער
שײַן די שויבן פון די ביידע גאסיקע פענצטער, און יודלען האָט
זיך אויסגעדאכט, אז מע האָט פון דאָרט, פון די ליכטיקע שויבן
אינעם אָרעמפּויערים־קאָמיטעט, א קוק געטאָן אהער, צו אים
אין האלב־פארהאנגענעם פענצטער אריין. ער האָט גיך אראָפּ־
געלאָזן די בורקע און איז אָפּגעשפּרונגען. ערשט שפּעטער
א ווײַלע האָט ער אָנגעצונדן דאָס זיבענער לעמפּל און פארהאַקט
די דרויסן־טיר אפן אײַזערנעם לאָם.

דאָס ליכט פון דאָרט, פונעם רויטן ווינקל, האָט אָבער דורך
דער בורקע ווידער אהער דורכגעשלאָגן און מוטנע אים צעבוי־
טעט דאָס הארץ, ווי דאָס וואסער אין א ריוושאַק. ער פילט,
אז מע קוקט אהער, אפ זײַן הויף, פון דאָרט, פונעם קאָנעס,
ווו מע קלײַבט זיך יעדן אָוונט צונויף און מע רעדט וועגן דעם
כוטער, וועגן דעם בוהײַ, וועגן דעם סטעפּ און וועגן אים..
גאנצענע נעכט זיצט ער אָפט אָפּ אין רויטן ווינקל, שרײַט און
זידלט זיך מיט אלעמען צוגלײַך און פילט זיך אין שפּאַן.

נאָר ווי ער גייט ארויס און קוקט זיך אום אפצוריק, בלוטיקט
אים פון די פֿײַערלעך דאָס הארץ, און אים הייבט זיך אָן דוכטן,
אז אָט איצט, ווען ער איז ארויס פון דאָרט, איז ליכטיקער
געוואָרן אין די פענצטער, און איצט הייבט מען ערשט אָן, מע
רעדט איצט געוויס וועגן אים, געוויס, געוויס...

דאָבע האָט ניט באמערקט ניט די שײַן פונעם רויטן ווינקל,
וואָס האָט זיך דורכגעזויגן דורך דער בורקע, ניט יודלס צעטראָ־
גענע און שרעקעוודיקע אויגן, זי האָט זיך עטוואָס אויפגעהויבן.

— יאָסינקע, פארוואָס גייסטו ניט אריין אין הינערשטעלכל..
יאָסקע.

— כ׳ל ניט גיין, — האָט יאָסקע פון די אויסגעשאָטענע גערשטנ געבורטשטעט — זאָל ער מיר געבנ די שקאפע, כ׳ל סײַווי ניט גיין...

די טעג האָט דער נײַ־אָרגאַניזירטער פּיאָנער־אָטריאַד באַשטימט געמענ שעפטום איבער די פערד. יעדער פּיאָנער דארפ אויספּאַשענ זייער פערד צום שניט.

פארנאכט דעמלט איז יאָסקע געקומענ אהיימ, לאנג זיך ארומגעדרייט ארום דער פארשפארטער שטאל און נאָכדעם צוגעלאָפנ צו יורלענ.

— כ׳ל ארויסטרײַבנ די שקאפע אפ פאשע. אלע פּיאָנערנ טרײַבנ הײַנט די פערד אינ באלקע, כ׳ל אויך ארויסטרײַבנ...

— אוועק, — האָב איך דיר געזאָגט, — האָט יודל געזשיפעט, — ביסט בא מיר ניט קיינ קאָניוכ, אוועק פונ אינפער די הענט, הערסט...

נאָכדעם האָט ער אים צוגערופנ צו דער פריזבע און געגלעט דאָס לאָכמאטע קעפל.

— מע טאָר ניט, הערסט, זי איז קראנק, זי איז קרעציק, אנו, ווײַז די הענט... זאָלסט זיך ניט דערוועגנ, כ׳זאָל דיר נאָענט נעבנ שטאל ניט זענ..

— אלע פּיאָנערנ פאשענ!.. — איז יאָסקע ניט אָפּגעטראָטנ — וועל איך ניט גיינ אינ אָטריאַד און גאָר, אָנ דער שקאפע וועל איך ניט גיינ...

— וועסט גיינ, וועסט גיינ!..

— כ׳ל ניט גיינ, אָט וועסטו זענ... כ׳ל סײַ־ווי־סײַ...

— וואָס?

יאָסקע האָט זיך אָפּגערוקט.

— זי כאלעשט דאָב א טרונק, — האָט ער זיך געבעטנ, — כ׳ל זי נאָר אָנפּויענ... גיב, טאטע, דעמ שליסל, נאָ־ צום סטאוואָק... פאר־וואָס איז יענע שקאפע בא דיר געפייגערט, די ראבע, האָסט מיר אויך ניט...

יודל האָט דעמלט ניט אויסגעהאלטנ אונ אראָפגעלאָזט אימ א פאטש.

פונ דעמלט אָנ איז יאָסקע ארומגעגאנגענ א ברויגעזער אונ געטראכט בא זיכ, וויאזוי אפצולאָכעס ארויסלאָזנ די שקאפע אינ סטעפ...

ניט לאנג האָבנ זיכ פארבייַ דעם פענצטער אוועקגעטראָגנ אינ גאלאָפ די פיאָנערנ אפ די פערד אונ פארקערעוועט מיט דער טאלאָקע צו דער קאָוואליעווסקער באלקע. יאָסקע איז געשטאנענ באמ פענצטער, געקוקט אפנ נידעריקנ שטויב, וואָס די פערד האָבנ אופגעהויבנ מיט די קאָפיטעס, זיכ געשעמט ארויס אפ דער גאס אונ געבורטשעט צו דאָבענ.

— כ'ל סייַווי ניט הערנ... כ'זאָגנ דעם אָטריאד אונ גאָר... כ'ל סייַווי ארויסלאָזנ, זאָל ער וויסנ...

אונ נאָכ דעם האָט ער די גאנצע צייַט געבורטשעט, פאנאנ־דערגעשאָטנ די גערשטנ איבער דער שטוב אונ געטראכט בא זיכ.

— פארוואָס האלטנ זיכ בא אלעמענ אייַנ די שקאפעס אונ בא זיי האָט מענ שוינ די וויפלטע שקאפע געבראכט, אונ זיי פיי־גערנ אויס?.. אז ער איז א גאזלענ,—האָט ער א טראכט געטאָנ וועגנ טאטנ אונ דערפילט זיכ, אז ער איז שוואכ,—א גאזלענ איז דאָס, ער זשאלעוועט, דערפאר פייגערנ זיי בא אימ.. שטענדיק זשאלעוועט ער, לאָזט אפילע צו דעם שטאל ניט צו

ער האָט ניט געהערט וואָס דאָבע האָט צו אימ גערעדט.

יודל איז מיט אָפגעכאלעשטע טריט צוגעגאנגענ צו יאָסקענ'

— קאָנסט ניט ארויסגייַנ אינ כוטער?—האָט ער שטיל זיכ אָפגערופנ,—וואָס טוכנעסטו דאָ אינ שטוב בא מיר, אנו, כאפ זיכ ארייַנ אינ קאָענעס... דערוויס זיכ עפעס...

יאָסקע האָט ניט געענטפערט.

— כ'רייד דאָכ צו דיר... פרעסנ ווילסטו.—גיי! נו, גיכ, גיב אהער דאָרט... אינ קאָענעס בא זיי, גיכער נו!..

יאָסקע האָט זיך אָפּגערוקט צו דער וואַנט.

— כ'ל ניט גיין... סײַ־ווי־סײַ, אַלע פּיאָנערן זײַנען אַוועקגע־פּאָרן אין באַלקע, סײַ־ווי־סײַ, כ'ל דערציילן...

יודל האָט פאַרביסן די פאַרשניטענע וואָנצ, און דאָס לינקע קלענערע אויגל האָט שטעכיק א צאַפּל געטאָן.

— יאָסקע!..

פון אונטער דעם פאַרהאַנגענעם פענצטער, וואָס קוקט אין הויף אַרײַן, האָבן זיך דערהערט טריט. עמעצער האָט זיך דאָרט געגאַנוועט. יודל האָט זיך א כאַפּ געטאָן און איז אָפּגעטראָטן צום בעט.

— דאָ־בע־ע...

דאָבע האָט זיך אומצופרידן אופגעהויבן פון בעט. צוגעגאַנגען צום פענצטער און פון דער זײַט פאַרהייבן אביסל די רעדנע.

— ס'איז יאַנקעוו אָקסמאַן. שא, זאָלסט ריידן מיט אים, ווי א מענטש. כ'בעט דיך,—האָט זי שווער פון גרויסן בויך אַרויס־געסאָפּעט. הערסט, יודל, כ'בעט דיך, גענוג געקריגט זיך.

## נײַנטער קאַפּיטל

צווישן יודל פּיסקון און יאַנקעוו אָקסמאַנען האָט זיך שוין לאַנג געצויגן א קריג. אָנגעהויבן האָט זיך דער קריג צווישן ביידע טאַקעפע באַלעבאַטים צוליב א געגאַנוועטן עמער פיש. געווען איז דאָס נאָך איידער יאַנקעוו אָקסמאַן איז געוואָרן א פּאָדריאַ־טשיק אַף אײַנקויפן ווייץ און צושטעלן פורן פאַר די דײַטשן.

לעצטנס, בעשאַס יודל פּיסקון האָט זיך צוריק אומגעקערט אין כוטער, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן די סומאַטאָכע מיט די קאָלעק־טיוון, האָט יאַנקעוו אָקסמאַן זיך אַלע ווײַלע דערמאָנט אָן יודל פּיסקון און דערפילט, אז מע דאַרף מיט אים איצט ריידן...

— פּאָרט א טאַקעפּ א באַלעבאָס,—האָט ער געטראַכט, גייענדיק צו אים—וואָס פאַר אן אויסוואורף ער זאָל ניט זײַן, קומט ער ניט צו זיי, צו די נאַהײַצעס...

מיט בריבנע טריט איז יאנקעוו אָקסמאנ אריַינ צו יודלען.

יודל האָט א קוק געטאָנ אפנ פארהאנגענעם פענצטער, וואָס האָט ארויסגעקוקט צום רויטנ ווינקל, צום קאענעס, אונ אָפּגערוקט די באנק צו דער וואנט. אָקסמאנ האָט זיכ צוגעזעצט אונ מיט די בלאָוולעכע פינגער געגלעט זיכ די דארע קני.

— זאָגט מיר, — האָט יודל מיטאמאָל זיכ א כאפּ געטאָנ, — קיינער האָט אייַכ ניט געזענ גיינ אהער?...

— וואָסי, וואָס האָסטו מוירע?... — האָט יאנקעוו אָקסמאנ ביטער א שמייכל געטאָנ, — קיינער, יודקע... קיינער האָט אָקסמאען ניט געזענ גיינ צו דיר... עכ־כע־כע! אָקסמאנ דער שולצ איז איצט א וואָלף אינ כוטער... איכ האָב זיי אלעמענ געהאָדעוועט, זיי האָבנ געפרעסנ מייַנ ברויט... מייַנ ברויט... — דאָס אויסגעקראָכענע שיטערע בערדל האָט זיכ נעבעכדיק געטרייסלט. — אָקסמאנ איז איצט אנ איבעריק גראָז אפנ סטעפּ... כאָנצע, כאָנצע — ער וויל זויגנ מייַנ בלוט, זיי אלע, אלע נאהייַצעס... — ער איז געבליב מיד אונ עטוואָס געשאָקלט מיטנ קאָפּ. — קיינער... קיינער, יודקע האָט מיכ ניט געזענ.., נאָר מיר האָבנ זיכ ביידע, יודקע, געבויט אפּ א סטאוואָק, אונ דאָס איַיז פּלאצט... דו ווייסט דאָכ, וואָסי שייַעכ, וואָסי שייַעכ...

יודל האָט ניט געהערט. די אויגנ האָבנ בא אים צעטומלט ארומגעשפּרונגענ איבער די ווענט, איבערנ פענצטער, ער האָט וועגנ עפּעס א טראכט געטאָנ אונ באלד פארגעסנ. ער האָט זיכ געוואָלט דערמאָנענ, ניט געקאָנט אונ זיכ א וואָרפ געטאָנ צו יאָסקענ.

— כ׳האָב דאָכ דיר געזאָגט. כ׳האָב געזאָגט, צי ניט? אנו, גיי שוינ, גיי שוינ ארויס אינ גאס, גיי אהינ... גיב נאָר א קוק...

איבערנ כוטער האָט מיטאמאָל א פּייַפ געטאָנ א ווינט, אָנגעטראָגנ זיכ מיט א שטויב פונ די הופּעלאָווער לײמיקע בערג אונ אריַינגעשמיסנ דורכנ קרומלעכנ פענצטער אריַינ. עס האָט זיכ עטוואָס פארהויבנ די בורקע.

די פײַערנ פונעמ רויטנ ווינקל האָבנ איצט בוילעט דורכגעלויכטנ
אונ זיי זײַנענ געוואָרנ אלצ קײַלעכדיקער אונ רויטער.

— פארהענג בעסער דעמ פענצטער,—האָט יודל נערוועז א געשריי געטאָנ אז דאָבענ,—נעמ דעמ זאק, די קאָלדרע, פאר- הענג... ווער פארהענגט דאָס אזוי?...

— ס'ט געהערט,—האָט אָקסמאנ זיכ צו אימ אָנגעבויגנ,— בא זיי איז איצט, ווי הייסט דאָס... ס'איז שלעכט... איכ אליינ בינ שוואכ... איינער קאָנ זיכ קעגנ ניט שטעלנ, אונ מע מוז איצט פארכאפנ, איצט... באלד... נו א ווינט, אונ מע זיצט נאָכ דאָרט,— האָט ער מיט דער טרייסלענדיקער האנט אָנגעוויזנ אפנ רויטנ ווינקל.—ס'איז איצט בא ז״י, ווי הייסט דאָס...

איבערנ טיש איז געלעגנ אָנגעשפארט יאָסקע אונ מיט גרינער לויזער פארב געשמירט אפ א צעקנייטשטנ פאפיר. א שטיק פאפיר איז מיט פײַכטע גרינצעשמירטע ווערטער אראָפגעהאנגענ פונ טיש:
„נאָר דורכ קאָלעקטיווער ארבעט וועט דער אָרעמער אונ מי טעלער פויער ארויס פונ דער אָרעמקײַט אונ..."

יודל האָט אופגעהויבנ דעמ פאפיר איבערנ טיש.

— זע, סע שמירט זיכ דאָכ בא דיר, זעצ זיכ ווי א מענטש, שמיר ניט...—ער האָט נאָכדעמ א ווינק געטאָנ צו אָקסמאנענ, אונ זיי זײַנענ ארײַנ אינ פינצטערנ צימער. ס'האָט דאָרט געשמעקט מיט טוכלע גערשטנ.

— די ווינטמיל, די ווינטמיל, וואָס זאָגסטו, יודקע, וואָס טוט מענ איצט... עפשער... עפשער... וואָסי שײַעכ...

— ס'אי שלעכט, רעב יאנקעוו, סי פאסקודנע... זי דרייט שוינ מיט די פליגלענ צו זיי...

— ?!?...

— מע דארפ, אז די פליגלענ זאָלנ אופהערנ דרייענ, סטאָפ... אונ פארטיק.

די בלויע אָדערנ האָבנ זיכ בא יאנקעוו אָקסמאנענ אפנ האלדז אָנגעצויגנ אונ א טרייסל געטאָנ.

— די פליגלען זאָגסטו... מײַנע טאטנס ווינטמיל... מײַן טאטע האָט זיך אויך געבויט אפֿ א סטאוואָק... די וועלט קערט זיי איבער קאפויר, מיינסט, ס'וועט לאנג אזוי האלטן, ס'קאָן דאָך ניט זײַן.

דער ווינט האָט געוויעט אין פענצטער, און די שויבן האָבן זיך געטרייסלט און עטוואָס אונטערגעקלונגען.

— ס'וועט לאנג אזוי ניט האלטן... וואָס די כמארעס זײַנען שוואַרצער, גייען זיי זיך גיכער פאנאנדער...—נאָר בא זיך האָט ער געטראכט גאָר אנדערש.

יאנקעוו אָקרוב האָט זיך גוט צוגעקוקט, וואָס סע קומט פאָר ארום אים. ער האָט בוילעט געזען, אז די אלטע געבײַדע, וואָס די פריערדיקע דוירעס און באלעבאטישע קלאסן האָבן גע־בויט, ברעכט מען, האָט אונטערגעגראָבן דעם פונדאמענט, און סע ברעכט זיך שוין אליין, עס צעפאלן זיך די ווענט איינס נאָך דאָס אנדערע; סע שיט זיך דער חייליקער שטויב און שימל פון זײַנע פארמעגלעכע אורזיידעס, און ס'וועט שוין, דאכט זיך, קיין זאך ניט העלפן, און די בענקשאפט נאָכן אמאָליקן פעסט־באלע־באטישן לעבן פון זײַנע זיידעס האָט אים געפײַניקט. מיטאמאָל האָט ער א ציטער געטאָן, ווי ער וואָלט זיך אָן עפעס דערמאָנט.

— כ'האָב דאָך די צווײַגן ניט אונטערגעשפארט... סארא ווינט, און ניט אונטערגעבונדן די צווײַגן אין סאָד—נאָר באלד איז ער געבליבן געלאסן און דערפילט נאָך א גרעסערע שוואכקײַט אונטערן הארצן.

— טרייסלט אָפּ,—האָט יודל זיך געהיצט,—א ! וואָס ווארט איר, זאָלן זיי זען, אז ס'איז ניטאָ וואָס צו ראַבעווען, וועט קיינער ניט גיין צו זיי... אײַער ווינטמיל, דער סאָד ציט דאָך זיי אין קאָלעקטיוו, טרייסלט אָפּ דעם סאָד, איר הערט? גלײַב פרוכט פירט אריבער צו מיר אין קלוניע. בא מיר איז זיכער. נאָר שא...

אָקסמאנ האָט געשאָקלט מיטן בערדל.

יודל האָט אים א שלעפּ געטאָן צום ווינקל. זיי האָבן זיך לאנג געסוידעט. שפעטער האָט יודל פארדרייט אין דער פינצטער

א ציגאר, פאמעלעך אָנגעצונדן א שוועבעלע און זיך אָנגעבויגן שטיל צו אָקסמאנען.

— איר'ט געהערט?

— וואָס?.. האַ? !

— גאָרנים. — ער האָט פאמעלעך א דריי געטאָן דאָס ברענענ־דיקע שוועבעלע צווישן די פינגער, א בלאָז געטאָן און פאַר־לאָשן. — גאָרנים... א סריי־עלע... מע זאָגט, בא זיי... אין די קאָ־לעקטיוון... אין אוספענעווקע.

אָקסמאן האָט זיך א קראַץ געטאָן דאָס שיטערע בערדל, ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן און זיך דערשראָקן פאר זיך אליין און פאר נאָך עפּעס אין געוואָלט וואָס פריער אוועק פונדאנען. יודל האָט אים צעטראָגענערהייט ארויסגעבאגלייט.

— דורך די גערטנער, כ'בעט אייך, רעב יאנקעוו, דורך די גערטנער, פאָרזיכטיק.

ער האָט פארליינט דעם לאָמ איבער דער טיר און איז אריין אין צימער.

דאָס פייער האָט אינעם טרוקענעם לעמפל געסמאליעט דעם קנויט און שטארק געזעצט מיט רויך אזן גלאָז.

יאָסקע איז שוין געשלאָפן. לעבן טיש אז דער ערד האָט זיך געוואלגערט דאָס פאפיר, ער האָט אויפגעהויבן, איבערגעלייענט און פאָרזיכטיק אוועקגעלייגט אפן טיש, סע זאָל זיך ניט שמרן.

## צענטער קאפיטל

דער כוטער איז שוין געשלאָפן און אין רויטן ווינקל איז נאָך אלץ געגאנגען א פּראקציע.

מאטוס, דער קאָאָפּעראטער פון דער בוריאנאָווקער קלייס, איז ארומגעגאנגען פון איין ווינקל צום צווייטן און אלע ווײַלע זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן צימער.

— ס'איז קיין קאָלעקטיוו ניט... וואָס גיט קאָפּלדינער דער פּאַרטיי? שרײַען איז ווייניק. וואָס האָסטו געגעבן? א פּאַשעטער כעזשבן: דו, צי סימכע בערעזין אָדער יאַנקעוו אָקסמאַן פירן ארויס וועגענער מיט טוווע אין אונדזערע עלעוואַטאָרס?... כ'זאָג נאָכאמאָל, אז אזא קאָלעקטיוו טויג אונדז דערוויַל ניט, ניטאָ וואָס צו יאָגן. די פּאַרטיי דאַרף ניט קיין אָרעמעלײַט, דו הערסט?— האָט ער זיך געווענדעט צו עלקען.

עלקע איז געזעסן מיט עפּעס אַ פּאַרגעלאָזטן קאָפּ.

— רייד, רייד—האָט זי מיד צוגעשאָקלט.

ער האָט א פּאָרקע געטאָן מיט א שוועבעלע א באַקצאָן, באַשמעקט דאָס שוועבעלע און אויסגעשפּיגן.

— כ'זאָג נאָכאמאָל, יאָ, יאָ, כאָנצע, ווען איך וואָלט דאָ נעכטן געווען, וואָלט געווען אנדערש, ניט אזוי דאַרף מען בויען דאָס דאָרף... קאָפּלדינער האָט נאָך דערווײַלע גאָרנישט ניט געגעבן דער מעלוכע. אָט זיצט ער, כ'רייד אין די אויגן, און בערעזין האָט שטענדיק געגעבן, און אויב איר ווילט וויסן דעם עמעס, זײַנען בא אונדז אין כוטער קיין באַלעגופים ניטאָ, ס'איז פאראן א גוטער באַלעבאָס און פּויליאַקעס...

כאָנצעס געל בערדל איז געוואָרן הארט און שטעכיק.

— וואָס האקט ער א קאָפּ, ווייניק איז מײַן בלוט געבליבן בא זיי?—האָט ער א קנאַק געטאָן אין טיש,—און די ברויט־פאַרגרייטונגען... די ברויט־פאַרגרייטונגען זײַנען וואָס? וויפל האָבן זיי אראָפּגעריסן און פאַרגראָבן, ווער ווייס זיי ווו?!

— ניט אומזיסט קריכט צו אים בערעזין,—האָט קאָפּלדינער אויסגעשפּיגן.—ווער ביסטו דאָס, מע קאָן דיך אויך באַגראָבן.

בא מאַטוסן האָט ווי שטענדיק, ווען ער צעהיצט זיך, זיך אויסגעטיילט קלעפּיקער שפּײַעכץ אין די קרומע מויל־ווינקלען.

—כ'וועל נאָך דערוויַיזן, כ'האָב גענוג פּאַפּירן, איך בין אליין געווען בא פּערעקאָפּ, און איצט האָדעווע איך, מעלדע איך אײַך, א בעהיימע... ניטאָ וואָס צו היצן זיך,—און כ'וועל אויסהאָדע־

— ווען נאָך איינע, איר הערט? איר כאַפּט זיך, דער צענטער קאָן ניט אונדזער פויער, כקאָן אים בעסער, דער פויער האָט ליב...

— גענוג געהאָרעוועט אַף יענעם און קאַפּוט,— האָט קאָפּלדי־נער אַ קוק געטאָן אַף עלקען,— ניטאָ וואָס צו ריידן, ער ווייס ניט אונדזער האָרעפּאַשנעם פויערטום— דאָס אָרעמפויערטום און מיטלפויערטום.

— יאָ, יאָ קאָפּלדינער, ריכטיק, האָט עלקע אים אונטערגע־האַלטן.

— אַז ס'איז דאָך ניטאָ מיט וואָס אפילע,— האָט מאַטוס אַ שוים געטאָן מיט די ווייַדעס,— ווען איר זאָלט כאָטש האָבן מאַשינעס, נאָר ווער וועט געבן, ווער...— מיטאמאָל האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן, ווי ער וואָלט געפּאַקט אַ נייַעם געדאַנק,— ווען מע נעמט אָבער אריַין סימכע בערעזינען און...

עלקע האָט אים מער ניט געלאָזט ריידן.

— אַף צוריק וועסטו אונדז שוין ניט שלעפּן,— האָט זי זיך אויפגעהויבן,— און אויב דו ווילסט זיך אונדז שטעלן אין וועג, וועלן מיר דורכגיין איבער דיר,— זי איז געוואָרן רויטלעך און אָנגעהויבן ריידן גיך, גיך.

מאַטוס איז געזעסן באַם פענצטער און געשוויגן. ער איז דורכ־געפאַלן.

באַלד נאָך דער פּראַקציע איז כאָנצע אוועק אין קאָוואַלעווסק וועגן אַ טראַקטער.

עלקע איז פאַרבליבן אַלייַן נעכטיקן אין רויטן ווינקל. זי האָט זיך אייַנגעשפּאַרט און ניט געוואָלט גיין צו כעמע טראַסקון אַף די שטרוי. זי דאַרף נאָך הייַנט דורכקוקן דעם פּלאַן פון דער ערד.

ווען אַלע זייַנען זיך צעגאַנגען, האָט זי אַרויסגענומען דעם צעקנייטשטן פּאַפּיר און געפּרוּווט זיך פאַנאַנדערקלייַבן. דער פּלאַן איז געווען אַן אַלטער און ... אויסגעריבענער. זי איז היפּש געזעסן. אַ מידקייַט איז צוביסלעך באַפאַלן אַלע אירע גלידער און געצויגן צו דער ערד.

עלקע האָט אויסגעלאָשן דאָס בלעכענע לעמפּל און שטארקער דערפילט, ווי עס וואַקסט דער ווינט איבערן כוטער. מיט א ציטער האָט זי צונויפגענומען די פולע אקסלען און צוגעשפּארט זיך צו דעם פענצטער.

— ער מוז שוין זיין נאָך דער באלקע,—האָט זי א טראכט געטאָן וועגן כאָנצען — ס'ארא וואָלקנס, ס'זאָל כאָטש ניט א פליוכע טאָן...

ווייט, ווייט איבערן סטעפּ, צו קאָוואלעווסק צו, האָט א פינטל געטאָן א קליין פייערל.

ערשט עטלעכע טעג, ווי זי איז פון דאָרט, און איר האָט זיך אָנגעהויבן דוכטן, אז דער קאָלעקטיוו איז אזוי ווייט, ווי זי וואָלט ליגן איבער הונדערטער פרעמדע מעושעס.

הינטער די קארטאָפל־גערטנער אין סטאַוואָק האָבן אָנגעהויבן אומרוּיק קוואָקען די פרעש, און דאָ ערגעץ נעבן די קאנאוועס האָבן זיך צעגרילצט די היישעריקן.

אין קאָוואלעווסק הערט מען שוין ניט קוואקען די פרעש... בא דער הרעבליע שטייט א מאָטאָר און לאָזט די מיל, וואָס דער קאָלעקטיוו האָט האיאָר אוועקגעשטעלט. סע שוימט דאָרט און סע רוישט בא דער הרעבליע... יאנקעוו אָקסמאנס מיל וועט דאָ אויך פריילעכער א שפּיל טאָן מיט די פליגלען...

עלקע איז דורכגעלאָפן מיט קלאָר־פייכטע אויגן איבער די צעוואָרפענע הויפן. זי האָט דערפילט איצט אזוי בוילעט, ווי די אוראלטע ווילדקייט וועט נאָך דאָ פון די מעושעס... אז דאָס אלץ, וואָס איז געווען ביז איצט, איז אזוי נישטיק, אנטקעגן דעם, וואָס זי זעט פאר זיך,—זי האָט דערפילט, ווי א ווינט האָט זיך אריינגעכאפּט אין אירע אָדערן, טרייבט אירע בלוטן און לאָזט זי ניט איינרוען,—זי וואָלט איצט צונויפגענומען די כוטעראנצעס, זי וואָלט זיי איצט דערוויזן, זי וואָלט דערוויזן מאטוסן, וועו סימכע בערעזין איז...

זי האָט היינט געלייענט אין „פראוודא"—איבערן גאנצן סאָוועטן־פארבאנד, אין קירגיזיע און אין פאָלעסיע, אין מאָלדאוויע

אינ יאקוטיע, אינ קרים אונ אינ וויַסרוסלאנד—אומעטום רייַסט אופ די פארטיי די מעושעס, זי וועט זיכ דאָ אויכ א נעמ טאָנ. אָט ליגט ער, דער שטרויענער כוטער, ווי א זאק קארטאָפל... לענינ האָט געשריבנ, אז באזונדער וועט דער אָרעמער אונ מיטע־לער פויער קיינמאָל ניט ארויסקריכנ פונ דער גוואלדיקער אָרעמקייַט... אונ שפעטל קאָבילעצ וויל דאָס ניט פארשטיינ... וואָס וועט ער דאָ אליינ אופטאָנ? ווענ ער טרעט אריַינ אינ קאָ-לעקטיוו, וואָלטנ די שקאפעס פארשטארקט די שלעפ־קראפט. אונ ער איז מעסוקנ געזונט פאר דער דרעש־מאשינ... מע וועט דארפנ, דער רועכ זאָל אימ נעמענ, שטעלנ פארנ פארטיי־קאָמיטעט די פראגע וועגנ מאטוסנ...

פונ די הופעלאָווער ליימיקע בערג האָט זיכ מיט א וויעג אָנ-געטראָגנ א מייַרעוו־ווינט אונ עטוואָס הארבסטיק־צעצויגנ דורכ־געבראָזט דורכ די צעטרעטקעטע שויבנ. פארבייַ דעמ פענצטער האָט דער ווינט געשמיסנ מיט בוריאנ אונ אראָפגעקייַקלט אראָפ-צו, צומ זאהאָנ....

עלקע האָט פאנאנדערגעעפנט דאָס פענצטער. פונ דעמ באנאכטיקנ פייַכטנ עפל־גאָרטנ אונ פונ סטעפ האָט זיכ געטראָגנ א ווייַניק צאָמ-בער-ווינטל אונ געמאכט איר שווער דעמ אָטעמ—ווער גייט דאָס אינ פאָליסאדניק... נאָר, וואָס עפעס שעפטל? זי טראכט גאָר וועגנ אימ ניט. ער איז דאָכ מעסוקנ אייַנגעוואָרצלט אינ זייַנ שטיקעלע מעושע,—מיט אזא מענטש קאָנ מענ כאלעשנ פונ אומעט.

שוינ דאָס וויפלטע יאָר, ווי עלקע איז געבליבנ אליינ אפ די כוטערנ אונ האָט אינ ראָש פונ קאָמיוג אונ שפעטער אינ קאָלעק־טיוו פארגעסנ אָנ אומעט.

אינ דער צייַט פונ מאכנאָווושטשינע האָט כאָנע־לייב דער באָנ־דער, דער טאטע אירער, אָרגאניזירט א פארטיזאנישנ אָט־ריאד פונ די באטראקעס אונ אָרעמפויערים אונ באשיצט די כוטערנ פונ מאכנאָס צעיושעטע באנדעס. איר דערמאָנט זיכ איצט כאָנצע, כעמע טראסקונ, דאָדע בורלאק,—זיי זייַנענ געווענ

א דעמ זעלבנ פארטיזאנישנ אָטריאד. ס'איז דעמלט א שפּעט הארבסטיקער טאָג געווענ. ביזנ שפּעטנ אפדערנאכט האָט דער אָט־ריאד אנטקעגנ געשאָסנ פונעמ קאָוואליעווסקער פלאנטאזש, ביז די מאכנאָווצעס האָבנ זיכ צעווילדעוועטע דורכגעריסנ.

צווישנ די געדיכטע דעמבענע ביימער האָבנ זיי דעמאָלט כאָנע־לייבנ דעריאָגט. ארויסגעשלעפּט דעמ אלטנ באָנדער אפנ שליאכ און דערהארגעט. אפנ סאמע עק פלאנטאזש דאָרט, אפ א צע־קרימטער צווייג, האָבנ זיי אימ, א טויטנ שוינ, פארנ העמד אופ־געהאנגענ.

גלייכ נאָכדעמ איז פּלוצלינג געשטאָרבנ בא עלקענ די מאמע. דעמלט איז שמערל, דאָס איינציקע ברודערל אירס, אוועק ערגעצ איבער די כוטערנ, ביז ער האָט אָנגעשפּארט צו די רויטארמייִשע טיילנ.

שוינ היפש יאָרנ אוועק פונ יענער צייט. דעמ ברעג פלאנ־טאזש צוזאמענ מיטנ צעקרימטנ צווייג האָבנ די כוטעראנצעס אויסגעהאקט אפ האָלצ, די קוואָרימ־בערגלעכ הינטער די ניטשייע־ווער קאנאוועס זיינענ פארוואָקסנ געוואָרנ און צעטראָמפּט פונ די טאבונענ, און פונ שמערלענ האָט עלקע פאר דער גאנצער צייט עטלעכע ווייטע און צופעליקע גערוסנ, אז ער איז אינ א רויטארמייִשנ פּאָלק נעבנ סאמארקאנד ערגעצ...

היפש זומערס איז עלקע ארומגעגאנגענ אַ ארבעט איבער פרעמדע טאָקנ, ביז זי איז אָנגעקומענ נעבנ די דייטשישע אלטע כוטערנ אינ דער ציגעלניע.

ניט לאנג איז זי צוריק קיינ קאָוואלעווקע געקומענ, אינגאנצנ אנ אנדערע, א הויכע, א רונדע, מיט אנ אָנגעגאָסענער מיידלשער קראפט, מיט עטוואָס א ברוינלעכנ ערנסטנ פּאָנעמ. זי האָט זיכ פארדרייט אינעמ רויש פונעמ קאָלעקטיוו און האָט אינגאנצנ פארגעסנ אָנ אומעט.

און איצט פּלוצלינג האָט זי דערפילט, אז זי איז איינע דאָ אינעמ ווייענדיקנ סטעפ, איינע אליינ, און ס'ציט זי צו עמעצנ און זי ווייסט, דאכט זיכ, ניט צו וועמענ...

הינטערנ פענצטער האָט שטארקער א רויש געטאָנ דער פאָלינ אונ זיכ געבויגנ אונטער עמעצנס טריט.

פארביי דעם פענצטער האָט זיכ באוויזנ שעפּטל קאָבילעצ. ער איז צעטראָגנ געלאָפנ מיט דעם פאָלינ אונ שווער געסאָפּעט. זי האָט געזענ, ווי ער האָט זיכ באלד פארנומענ צו די גערטנער אונ איז ניט געוואָרנ.

אונ זי האָט דערפילט עפּעס א שטארקע אינווייניקסטע בארא־שונג, אז וויפל זי זאָל ניט זיינ מיד, וועט זי ניט איינשלאָפנ.

זי האָט צוגעמאכט דעם פענצטער, צוריק אָנגעצונדנ דאָס לעמפל אונ זיכ געזעצט צום טיש.

## עלפטער קאפּיטל

שעפּטל קאָבילעצ איז מיטנ קיריי דערקראָכנ צום אראָפּבאר־גיקנ קלינ, צו אָקסמאנס גערשטנ. ער איז געווענ שטארק דער־שלאָגנ, וואָס זיינ ראבע קאלב איז מיטנ טאבונ פארנאכט צו אים אינ הויפ ניט געקומענ, אונ ער איז ארומגעלאָפנ א צעטראָגענער איבערנ סטעפּ.

— די ערד ווייס זי, — האָט ער זיכ געזידלט, — וווהינ האָט זי דאָס געקאָנט אהינקומענ.

דאָ, בא יאַקעוו אָקסמאנענ, צווישנ הויכנ שורשנדיקנ גערשטנ, האָט ער זי קוים דערזענ. די ראבע קאלב איז געשטאנענ רויק צווישנ די געדיכטע, נאָכ גרינלעכע זאנגענ, פאמעלעכ אָפּגעטריבנ מיטנ עק די היישעריקלעכ אונ די בלאָע נאכט־פליגנ אינ זיכ געפּאשעט.

— אָט א מאראָכע אפ דיר, — האָט שעפּטל זיכ דערפרייט.

ארום איז דער גערשטנ געווענ שטארק צעטראָטנ, איינגעוואל־גערט, פארמיסטיקט אונ אויסגעגעסנ.

איבער דעם אראָפּבארגיקנ קלינ, איבער דעם קוריי אונ ווייטער אהינצו אראָפּ־בארג האָט געשמיסנ א ווינט.

שפּעטל קאָבילעצ האָט זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטן, אדיינ-
געטריבן די קאַלב אין העכערן גערשטן, זי זאָל זיך ניט ארויס-
זען, און זיך אויסגעצויגן דאָ נעבן איר.

ער איז געלעגן מיטן בויך אראָפּ און מיט האנאָע געקוקט;
ווי די קאַלב פּאשעט זיך. ער זעט, ווי זי צופּט א פולן מויל
מיט זאנגען, ער פילט, ווי די צעקייטע זאנגען מיט דעם גרינע-
גערשטן-זאפט גליטשן זיך אראָפּ מיט א קוויטש צו איר אין מאָגן,
און דער בויך ווערט אלץ קיילעכדיקער און קיילעכדיקער בא
זיין ראבער קאַלב. ער פוליעט זיך איין, ער פילט, אז אים קומט
עפּעס צו איצט. היינט וועט ער שוין איר ניט דארפן פארמישן
קיין דערט אפ נאכט, זאָל זי זיך פּאשען... אָט באלד וועט
צוקומען נאָך א בעהיימעלע צו אים אין שטאל, נאָך אן עמער מילך
וועט צוקומען און נאַכדעם נאָך א קעלבעלע... מיט עלקען וואָלט
דאָס געווען א מאראָכע אין הויף. זי וואָלט געמאָלקן זיינע בע-
היימעס און געשלאָגן אים פּוטער, —היפּל מאכלינקע ווערט דאָס
אזוי פארבאלן בא אים...

ער וויקלט זיך איין טיפער אין בורקע, און פון דער ערד ציט
א פייכטע ווארעמקייט, דער ווינט דרישט עטוואָס הארבסטיק
איבער די זאנגען, און אים איז דאָ ווארעם, ארום איז שטיל.
וואָס קאָן אים זיין בעסער, שעפּטלען, ווי איינער אליין ליגן
באנאכט אין סטעפּ, פּאשען זיין קאַלב אפּ א פרעמדן קלין און
הערן, ווי סע זשוזשען די בלויע נאכט-פליגן און ווי סע קוואָקען
ערגעץ דאָרט אינעם סטאוואָק די פרעש.[3]

אפן הופעלאָווער אראָפּבארגיקן זייטיקן וועג האָט זיך פלוצלונג
דערטראָגן א סקריפּען פון א טרוקענער אקס. שעפּטל האָט זיך
אופגעכאפּט, עטוואָס אופגעציטערט און ארויסגעקוקט צווישן די
זאנגען. באלד איז ער פאַרזיכטיק אופגעשטאנען. שטילערהייט
ארויסגעטריבן די קאַלב פון די גערשטן און געלאָזט זיך מיטן
ווייכן קוריי צום פּוטער.

דער ווינט איז צוביסלעך שטילער געוואָרן, און דער סקריפּ

3. דער סטעפּ ריפּט.

פון דער אקס האָט זיך דערטראָגן אַלץ ווייטער און ווייטער פון אונטערן בארג.

— א בראָך זיי אין דישל,—האָט ער זיך אויסגעדרייט צום הופּעלאָווער וועג,—ס׳טראָגט זיי דאָ...

אים האָט שוין פארדראָסן, וואָס ער האָט ארויסגעטריבן די קאַלב פונעם געוועס, זי האָט זיך נאָך גענענט גוט אָנפּאַשען...

די קאַלב איז מיד און פארדרעמלט געגאנגען גלייך צום כוטער, ווי זי וואָלט גוט געוווּסט דעם וועג מיטן סטעפּ, און דער בויך האָט זיך בא איר אונטערגעהויבן א פולער, אן אויסגעפּאַשעטער. שעפטל איז נאָכגעגאנגען א באָרוועסער אין די שמאָלע הויזן און פארקוקט זיך אפ איר עק.

— ביז דעם קוריי... ניט קיין עק, מילך איז דאָס... אזא עק ניסט מיט מילך...

באַלד האָט ער זיך דערמאָנט, אז די פּאָריקע נאכט איז אפן ברעג כוטער בא כאָרסנערן די איינציקע בעהיימע געפאלן, און שעפטל האָט אָנגעהויבן ברומען אין זיך און אונטערפייפן.

קיינמאָל האָט נאָך שעפטל קאָבילעצ אזוי ניט האנאַע געהאט ווי דעמלט, ווען ער האָט דערהערט, אז בא עמעצן האָט א פערד זיך אוועקגעלייגט אָדער א סקאָטינע האָט א פוס איבערגעבראָכן, אז בא עמעצן אין כוטער איז די טווּע ניט אופגעגאנגען אָדער פארברענט געוואָרן,—דעמלט האָט ער דערפילט: אז אים איז עפּעס צוגעקומען. ער איז רייכער געוואָרן, אים איז בעסער...

אין כוטער איז געווען שטיל. אפן צווייטן ברעג הינטערן צאָמבער־בארג, ארום יודל פיסקונס הויף, האָט געסקאַוועטשעט א הונט. דורך די ביידע גאָסיקע פענצטער פונעם רויטן ווינקל איז געפאלן א שפּעט־נאכטיקע שיין איבערן גראָז.

שעפטל איז מיט שווערע טריט צוגעגאנגען צום נידעריקן פענצטער און צוגעשפּארט דעם פּאָנעם צו דער שויב. ער האָט דערפילט, אז ס׳האָט זיך אים מיטאמאָל צ׳גענאָסן הייס בלוט אין הארץ און ס׳האָט דאָרט עפּעס אָנגעהויבן טיאָכקען. איבערן טיש

איז געווען אָנגעשפּאַרט עלקע און האָט שטאַרק פאַרטיפט זיך געפּאַרעט צווישן פּאַפּירן. ער האָט דורך דער שויב באַמערקט, ווי די בלאָנדע האָר זייַנען בײַ איר שטאַרק צעשויבערט געווען. און אים האָט זיך איצט ווידער געדוכט, אַז ער האָט אַזאַ גע- ווּנטע שיינע מויד אין קיין איין כוטער ניט אָנגעטראָפן. עלקע, איז מיטאַמאָל אָפּגעשפּרונגען אַף הינטער און זיך געכאַפּט פאַרן טיש־קעסטל. ער האָט זיך שטאַרק פאַרלאָרן און איז אָפּגעטראָטן. זי האָט אים קאָנטיק גלײַך דערקענט און פריילעך פאַנאַנדערגע- עפנט דאָס פענצטער.

— קום אַרייַן, קום אַרײַן... פונוואַנען שלעפּסטו זיך... ס'איז שפּעט? זי האָט אַרויסגערוקט דעם קאָפּ.

— אָ, סאַראַ כמאַרעס... אין קאָוואַלעווסק אַרבעט מען ניט,— ס'ט ניט געהערט? זאַכט זיך, ס'איז שטיל... ס'וועט גיין אַ רעגן,— דאָס גאַנצע ברויט שטייט נאָך אונטער די כמאַרעס.

שעפּטל איז צוגעגאַנגען נעענטער, ער האָט זיך ניט געריכט זי טרעפן דאָ און דעריבער זיך שטאַרק פאַרלאָרן. קוים וואָס ער האָט געלעפּעטשעט מיטן צונג.

— סע כמאַרעט שטאַרק פון הופּעלאָווע... אַף אַ רעגן כמאַרעט דאָס... די בעהיימעס זייַנען נאָך פאַרנאַכט מיט אַראָפּגעלאָזטע הערנער פון דעם טאַבון געקומען, און אַ גאַנצן טאָג האָט דאָס געפּאַרעט... מע זעט גלײַך אַף אַ רעגן...

— האָסט נאָך דײַן ברויט ניט אַראָפּגענומען, האָסט דאָך אַ פּאָר פערד, פאַרן רעגן האַלסטו...

— מאָרגן האָב איך זיך געקליבן, אַז מע קאָן קיין מענטשן ניט דינגען אַפן טאָק, כאָטש לייג זיך אַוועק... וואָסי, ווער איז שוין דאָ אַרויסגעפאָרן? כ'ל זיי נאָך אַריבערשמײַסן.

— נאַזאַרעוויטש האָט, דאַכט זיך, שוין געענדיקט,— האָט זי אַף אים אַ קוק געטאָן.

— כ'האָב זיי אין דר'ערד מיט זייער ברויט, בעסער זאָל פאַר-

ברענט ווערן, זיי וועלן סיי־ווי פרעסן גערשטן, און איך באַק נאָך ווייצנס ביז חיינטיקן טאָג.

זי האָט זיך מער אַרויסגערוקט און זיך אָנגעשפּאַרט אָן פענצ־טער.

— און אין קאָלעקטיוו ווילסטו ניט גיין? זיי וועלן שוין האַ־יאָר אַראָפּוינעמען מער ברויט פאַר דיר, דו זעסט ניט? דײַן ברויט טריקנט דער ווינט און אָט וועט דער רעגן א שמיץ טאָן, און בא זיי ליגט ער שוין אין קלוניעס.

— ע־ע... מיר איז ליב מײַנס... וואָסי מײַנ דײַגע פאַר יענ־נעמס? קוים געפונען די קאַלב, א גאַנצן אַפּדערנאַכט אַרומגעלאָפן, און איצט זע איך פײַער...—האָט ער זיך פאַרענטפערט.

— זעץ זיך צו, וואָס שטייסטו,—זי האָט זיך אָפּגערוקט,—סאַרא אומעט דאָ איז.

— אַן אַלטער כוטעראַנעץ האָט ניט מוירע פאַר אומעט—ס'איז שטיל, א מעכײַע, כאָטש לייג זיך אַוועק בא דער קאַנאַווע און שלאָף...

— זעץ זיך,—זי האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אַפן פענצטער,—סע שלאָפט זיך ניט, כ'האָב דורכגעקוקט די ערד־פּלענער, ס'איז א גאַנצער פּלאָנטער דאָרט.

— מיט וועמען ביסטו דאָ אַפן כוטער?—האָט זי אים שטיל נאָכדעם א פרעג געטאָן.

— כ'האָב זיך מײַנע בולאַנע, נו, און די כודאָבע... וואָס דאַרף איך דאָ—אַליין און האָדיע...

— און די מאַמע?..

ער האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— זי עסט שוין אומזיסט ברויט. וואָסי—זי טוט מיר אין הויף? און וואָס איר... דו ביסט א קאָמוניסטקע?

— וואָסי?

— נו, דו האָסט א באַלעבאַטישקײַט, צי דו ביסט נאָר...

— א־א,—זי האָט זיך צעלאַכט,—ניין, כ'האָב ניט... מיר מאַכן

עם קאָלעקטיוו, כאָנצע איז שוין אוועק אין קאָוואַלעוווסק נאָך א טראַקטער. זיי וועלן געבן, ס'איז פאַראַן שוין א באַשטימונג פון דאָופּראַט. זיי וועלן מוזן געבן,—האָט זי זיך אופגערעגט, ווי זי וואָלט איצט נאָר געטראַכט וועגן דעם,—ווען ניט, וועט דער פּאַרטיי־קאָמיטעט א נעם טאָן. מיר וועלן איצט א רויִע טאָן דעם כוטער, אַזש ס'וועט ווערן הייס... און וואָסי מיט דיר? ביסט דאָך ניט אָקסמאַן!.. אָקסמאַנען וועלן מיר א טרויבער טאָן, דו האָסט אויך געדאַרפט, מיר וואָלטן צוזאַמען...

— וואָס איז מיר אָקסמאַן, ער'ט מיר גענוג באַראַבעוועט כ'האָב אים אין דר'ערד מיטן קאָלעקטיוו אינאיינעם! וואָס טויג מיר דאָס, קאָלזומאַן די פערד שטייען בא מיר אין שטאַל, ווייס איך, אַז זיי זײַנען מײַנע. מײַן ערד וויל איך אַליין באַ־אַרבעטן, ווי־ניט־איז, סײַדן... סײַדן א ווײַב, וואָס טויג מיר די גאַנצע כודאָבע, ווען ניט...

ער האָט אַרויסגעשלעפּט קערלעך פון די הויזן־קעשענעס און צונעטראָגן עלקען.

— כ'וויל ניט.

— קנאַק, ס'אייגענע.

— כ'ל ניט נעמען,—האַט זי אָפּגעשאַרט זײַן האַנט אָן א זײַט,— ס'ציט דיך נאָך אַלץ, ווי א וואָלף אין וואַלד אַרײַן, האָסט נאָך ניט געזען, וואָס סע טוט זיך איבער דער באַלקע...

— כ'דאַרף זיי ניט...—האָט ער אײַנגעשפּאַרט א מאַך, געטאָן מיט דער האַנט,—זאָל פריִער קאָפּלדינער פרוּוון אָנלעבן אַזעלכע בולאַנע, ווי מײַנע, און אַזאַ הויף—דעמלט וועל איך זיך שפּאַנען מיט אים, אַז כ'ל וועלן... וואָס טויג מיר די קאָלעקטיוון, אַז מיר איז גוט אַליין, איך בין באַלעבאָס און האָדיע!

— נאָר אַליין?..—האָט עלקע אים א שלעפּ געטאָן פאַר דער טשופּרינע.

— נו, מיט א ווײַב,—האָט ער ברייט געשמייכלט.

— דו האָסט נאָך ניט?..

ער האָט זי עטוואָס א צי געטאָן צו זיך און פארלאָרן גע־שמייכלט.

— גיי, סע שוין שפעט,—האָט זי זיך שטרענג אָפּגערופן.

— קום צו אונדז. די מאמע וועט דיר אויסבעטן. וואָס וועסטו זיך דאָ וואלגערן איינע אליין?—ער איז געבליבן א ווײַלע שטיל און באלד צוגעגעבן:

— דאָ ניט לאנג האָט מען אײַערן אוועקגעלייגט באנאכט אפן דער טאלאָקע...

עלקע האָט א שמייכל געטאָן.

— ס'מאכט ניט... כ'קאָן שיסן,—און זי האָט צוגעמאכט דאָס פענצטער.

מיט צעבויטעטע געפילן איז שעפטל אוועק אראָפּ גאס, צו זיך אין הויף ארײַן.

עלקע האָט אויסגעלאָשן דאָס לעמפל, זי האָט זיך א וואלגער געטאָן אין פאָרהויז אפן די שטרוי און איז גלײַך אנשלאָפן געוואָרן.

## צוועלפטער קאפיטל

פארטאָג האָט א פלייכע געטאָן א גוס־רעגן. ארום דעם כוטער האָט דער רעגן מיט פולע טראָפּנס געפּאטשט איבער די צעפּא־לאָשעטע פאליסאדניקעס, איבער דעם ביטערן פּאָלין און איבער די אָפּגעקראָכענע געלבלעכע זעמליאנקעס. אָט, אַט דוכט זיך, נאָך א ביסעלע, וועט דער רעגן זיי אונטערשווענקען, און זיי וועלן זיך אײַנוואלגערן מיט די ליימענע ווענט אין דער בלאָטע ארײַן. איבער דער פּארטאָגיקער פוסטער גאס האָבן געדרושט די ריוושאקעס און מיט א געמורמל, מיט אופגעלאָפענע וואסער־בלעזלעך געטראָגן דאָס ווארעמע רעגן־וואסער מיט די בראָזיקע קאנאוועס אראָפּ צו דער הרעבליע.

די כוטערַאנצעס האָבן פאַרשלאָסן זיך געקליבן מיט פאַרוואָר־פענע זעק איבער די קעפּ אונטער די סטרעכעס און פול מיט דויען אומעט אין די אויגן געקוקט אפן סטעפּ.

— ס'וועט שוין פליוכען און פליוכען.

— דאָס ברויט וועט שוין פוילן דאָרט...

— עך, אין ד'רערד מיט אזא לעבן...

דאָוויד־בער האָט פאַרדרייט מיט די צעקאַליעטשעטע פינגער א גראָבן ציגאַר, א פיר געטאָן מיטן צונג און אויסגעשפיגן.

— קאָוואַלעווסק האָט זיך שוין ספּראַוועט, זיי זיינען שוין אפן זשאַרניטשער בערגל, זיינען זיי שוין...

— כיי וואָלט ער גיין צו זיי,—האָט ליפע זאַיקע א פינטל געטאָן מיט די צעקראָכענע אויגלעך,—ער מעג שוין דאָרט פליוכען.

— ווו מע בעט אים ניט, קומט ער,—דעם טאַבונ וועט מען גאָר ניט קאָנען אַרויסטרייבן...

פון די סטרעכעס זיינען גערונען ריטשקעס וואַסער און גע־בלעזלט די מוטנע קאַלוזשעס. די כוטעראַנצעס האָבן געטריבן די פליגן, וואָס האָבן געקישעט אונטער דער סטרעכע בא די שויבן.

— גיב, דאָוויד־בער, א ציגאַר,—האָט שיע קוקוי זיך אראָפּ־געלאָזט אפ דער פּריזבע,—שוין דעם דריטן טאָג, ווי כ'זוך א שניידמעסער און ניט צו קריגן, כאָטש גיי מיט דער קאָסע... כ'ל, דאכט זיך, גאָר אוועק צו זיי...

— וואָס לייגן מיר טאַקע צו,—האָט זיך טאַנע סלאָבאָדיאַנ־אַראָפּגעלאָזט נעבן אים.

— ע־ע... אויך מיר א קאָלעקטיוו,—האָט קאַלמען זאָהאָט אָפּ־געטריבן די פליגן,—אז זיי האָבן גאָרניט, און גיי גיב זיי אוועק דיין האָרעוואַניע...

דאָוויד־בער האָט אַרויסגעשלעפּט די מאַכאָרקע פון דער קעשענע.

— נאַט, רויכערט... סאַראַ וואַסער,—האָט ער זיך געער־גערט,—צייט כ'געדענק, בלייבט אונדזער פּראַצע אין דר'ערד.

וואָסי דאַ פאַראַנ וואָס צו ריידן,—צי זי וויל אַזוי, צי זייער פאַרטיי, אַזוי איז דאָס. אָט אַזוי פאַרשטיי איך דאָס, וואָסי; מע זעט ניט, אַז איך נאָזאַרעוויטש און אָט אינ קאָוואַלעחסק איז שוינ גאָר אַנדערש? ס׳איז פאָרט ניט געקאָ׳איעט זיך מיט די הענט, ס׳איז אַ מאַשינ... נו, אונ צוזאַמענ...

— ע־ע... ס׳איז, דאַכט זיך, איינ קרענק,—האָט קאַלמענ זאָהאָט אָפּגעגרעבצט.

— נו, נו, זאָג דאָס ניט,—האָט דאָוויד־בער זיך אַ כאַפּ געטאָנ.

— גיב אַ קוק אָפּ דער באַלקע... קימאַט דער גאַנצער ווייץ איז שוינ אַראָפּגענומענ, אונ מײַנ שטיקל ווייץ אונ דײַנע, אונדזערס האָט נאָך נעכטנ געטריקנט דער סוכאָוויי; אונ אָט שמײַסט אים דער רעגנ, אונ ס׳בלײַבט דער שטרוי, פּוסטער שטרוי בלײַבט בא אונדז...

— איז וואָס גייסטו ניט?

— כ׳ל טאַקע גיינ, וואָסי פאַראַנ צו ריידנ.

— פיר זי אַוועק, דײַנ שקאַפּע, פיר אַוועק,

— כ׳ל אַוועקפירנ!—האָט זיך דאָוויד־בער אָנגעפּורלט.

דער רעגנ האָט קאָנטיק צוביסלעך אויפגעהערט. פונ דער שטרוי־ענער סטרעכע האָבנ פונ צײַט צו צײַט אַראָפּגעקאַפּעט איינציקע דורכזיכטיקע טראָפּנס. נעבנ דער ווינט־מיל האָט זיך דערטראָגנ אַ קנאַל פונ אַ בײַטש.

— מע טרײַבט שוינ,—האָבנ די כוטעראַנצעס זיך אַ כאַפּ געטאָנ.

— מע טרײַבט שוינ דעם טאַבונ.

מיט פאַרקאַטשעטע הויזנ זײַנענ זיי זיך צעלאָפנ איבער די צעוואָרפענע הויפנ. דאָס קנאַלנ פונ דער בײַטש האָט זיך געטראָגנ אַלץ נעענטער און נעענטער.

שעפּסל קאָבילעצ האָט אינ איינ העמד, ניט קיינ אונטערגע־גאַרטלטער, אַרויסגעטריבנ זײַנ בעהיימע מיט דער ראַבער קאַלב צום טאַבונ. ער האָט געכליאָפּעט מיט די פיס טיפ אינ דער וואַ־רעמער בלאָטע, — נאָכדעם איז ער אַוועק אינ דער קלוניע. פונ

אונטער די פאראיאָריקע שטרוי האָט ער ארויסגעשלעפּט די געלע שנייד־מאשין. פּאמעלעך אָפּגעדרייט די הייקעס און אָנגעשמירט די רעדער מיט דזעגעכץ.

— וואָס גרעבער אָנשמירן,— האָט ער זיך געטראכט,— אז מע שמירט, גייט דאָס, און ס'וועט שטענדיק בא מיר בלייבן א ניי־יִנקע... ער איז געזעסן אין דער קילער קלוניע אפּן ביסל כּאָ־לאָווע און געקוקט פונדערווייטן אפּ זיין שניידמאשין. ער האָט מיט פאַרזשמורעטע אויגן לאנג־לאנג געקוקט אפּ איר און ארומ־גענומען זיך מיט די הענט...

— ווער איז נאָך אזא באלעבאָס, ווי ער,— זאָל נאָר טרוקן ווערן, וועט ער איינשפּאנען די שקאפעס אין ארויספאָרן אין סטעפּ,— זאָל זי זען...

נאָכדעם איז ער לאנג ניט קיין אונטערגעגאנגען ארומגע־קראָכן איבער דער קלוניע.

— דאָ אינעם טיפן ווינקל, ס'איז א טרוקן ווינקל, וועט ער שיטן זיין פּאָלאָווע, אנטקעגן וועט ביז די קראָקוועס ליגן זיין שטרוי, און בא דער זייט, צו דער ברייטער קלוניע־טיר, וועט ער ליגן די קוקורוזע... ווער וועט נאָך האָבן אזא קלוניע ווי ער!..

א באַרוועסער איז ער ארומגעקראָכן, געטאַפּט מיט דער טוכליע־קייט פון די פאראיאָריקע שטרוי. אין געפילט, אז סע יוירט אים עפּעס אונטערן לעפעלע. ער איז געלאָסן ארויס, ס'האָט אים עפּעס ערגעץ וואוהין געצויגן. קיינמאָל איז אים, דאכט זיך, דער כיטער ניט געווען אזוי טייער, ווי איצט. ער האָט פאר־שלאָסן פריער אפּ די ריגעלע, נאָכדעם אפּ דער קייט, גענומען די בייטש און איז אוועק אין שטאל. שעפּסל האָט זיך פארקליבן צווישן די שקאפעס אָנגעהויבן קראצן זיי איבערן רוקן און ציאָסקען דורך די ציינ. די שקאפעס האָבן אים ווי דורך טשערעס דערמאָנט אָן דעם פארנאכט, ווען ער איז אראָפּ די הולייפּאָלער מאָהילקעס אפּ דער הרעבליע אָנגעפּאָרן אין דע־זען נעבן סטאַ־וואָק די קאָוואלעווסקער סויד. די שקאפעס האָבן דעמלט גע־

זשליאָקעט דאָס סטאַוואָק־וואַסער, און ער האָט אונטערגעפּײַפּט, ער האָט געפּײַפּט ניט צו זיי, ער האָט געפּײַפּט אַהין, צום טשערט...

די זון האָט זיך געהויבן אַלץ העכער איבער דעם אויסגע־רעגנטן הימל, און פון דער פײַכטער שוואַרץ־ערד איז געגאַנגען אַ פּאַרע. די ערד האָט זיך געטריקנט.

פאַר האַלבן טאָג איז שעפּסל אַרויס פון הויף און זיך געלאָזט מיט דער גאַס צום רויטן ווינקל. ער איז ברייט געגאַנגען איבער דעם צוגעטריקנטן וועג, געקנאַקט קערלעך און אַרויסגעשפּיגן די שאָלעכצ ווײַט אַרום זיך. באַלד האָט ער פאַרקערעוועט צו סימכע בערעזינען אין הויף אַרײַן.

הינטער דער לאַנגער געלבלעכער כאַטע, צו דער שטאַל־צו, זײַנען אַרום דעם קײַלעכדיקן דרעש־שטיין געזעסן יאַנקעוו אָקס־מאַן, סימכע בערעזין, וואָווע דרויאַן, רוווע סמעקון, סאַנע סלאַ־באָדיאַן און נאָך עטלעכע כוטעראַנצעס, פון דער זײַט איז אויך די קני געזעסן יודל פּיסקון.

שעפּסל האָט זיך אײַנ מיט פון זיי אפּדער צוגעטריקנטער ערד אוועקגעזעצט און אָנגעשפּאַרט זיך מיט דער געזונטער פּלייצע אָן וואַנט.

— פּאַסקודנע, ייִדן, און האָדיע. ווער גיט אַ ציגאַר, האַ, סימכע...

— זי מיינט טאַקע,—האָט סימכע בערעזין פאַמעלעך אַרויסגע־שלעפּט אַ רויט זעקעלע מאַכאָרקע,—זי איז געקימענ אַהער—פּאָ־ראָנדקעס אײַנפירן, און אַ כוטער שווײַגט... ס'איז דאָך ניט גע־הערט געוואָרן...

— די עמעסע מויד, האָט יאַנקעוו אָקסמאַן עטוואָס אַ שאָקל געטאָן מיטן אויסגעקראָכענעם בערדל.

די כוטעראַנצעס האָבן געשוויגן. זיי האָבן פאַוואָליע געצויגן דעם געדיכטן מאַכאָרקע־רויך און אַרויסגעלאָזט דורך די נאָזלע־כער.

אפ קאָוואַלעווסקער ערד, דאָרט ערגעץ אין זשאָרניטשער בערגל, איבער שווארץ־כוטער האָבן זיך ווייס־ווייס א הוידע געטאָן טראָק־טערס, און ס׳האָט זיך געטראָגן א ווייס הודושען פון דאָרט, ווי ס׳וואָלט געניאָיעט א הארבסטיקער ווינט.

די כוטעראַנצעס האָבן זיך א כאַפּ געטאָן און אויסגעצויגן די העלדזער איבער די גערטנער און ווייטער אהין איבער דעם שטארק געדיכטן געלן קאַטראַג.

— זיי שמייסן שוין ווייטער,—האָט פארהייבן די האַנט איבער די געדיכטע ברעמען וואָווע דרויאַן.

— ווי זיי ארבעטן דאָס...

— דורך טאָג און דורך נאכט,—האָט אויסגעשפּיגן רוווע סמעקון.

— אפאָנעם, דער רעגן האָט זיי ווייניק פארכאַפּט,—האָט אָקס־מאַן מיט ווייטיק א קוק געטאָן אפ סימכען.

— זיי ענדיקן שוין, אפן זשאָרניטשער קלין זיינען זיי שוין. בא אָקסמאַנען אונטערן הארץ האָט זיך עפּעס איבערגעריסן.

...דאָרט, אונטער דעם זשאָרניטשער בערגל, ליגט זיין ברייטער קלין פּירויי... ס׳איז ניט קיין ערד, ס׳איז פעט, ווי מאַקוכע־היפש טווּע האָט אים אריינגעטראָגן דער קלין אין זיינע שייערן...

ער האָט לאַנג געקוקט פון אונטער די אויסגעוועלקטע ברע־מען אפן זשאָרניטשער בערגל און געפילט, אז די סאַקאָנע קייקלט זיך אלץ נעענטער און נעענטער, זיי קאָנען זיך נאָך כאַפּן פארן קלין, די ארענדע איז דאָך שוין לאַנג אויסגעגאַנגען.

— וואָסי שייעך, עפשער גאָר אפן זשאָרניטשער קלין—איז בא אים דורכגעלאָפן א געדאַנק—מאַכן א קאָלעקטיוו. איך אליין וועל אים מאַכן, ווען ניט, וועלן זיי אים דאָך סייווי צונעמען...—נאָך־דעם האָט ער זיך באַטראַכט,—זאָל זיין, פריער מיט סימכען זיך דורכשמועסן וועגן דעם...

— אז אָך־און־ווי שוין צו זיי,—האָט סימכע איינגעטייַנעט מיט די כוטעראַנצעס,—איר מיינט, אז עמעצער ווייס, וואָס סע

טוט זיך דאָרט בא זיי אינווייניק?.. ס׳איז דאָרט האַלע גנײווע, אונ דאָס, וואָס סע בלײַבט, נעמט מען דאָך בא זיי אויך צו פונ אונטערנ בעזעם, אניט וואָס דארפ מען זיי...

— איז פארוואָס זײַנען זיי צופרידנ, — האָט רוווע סמעקונ זיך איסגעדרייט צו יודלען — זיי זײַנען, ווייס איך, צופרידנ...

— פארשטייט זיך, פארשטייט זיך, — האָט יודל א צי געטאָנ מיט די אקסל אונ מע האָט ניט געוווּסט, צי ער מיינט דאָס אפ ערנסט, צי ניט, — פאר די האַלעדראנצעס איז דאָס א גליק, זיי האָבנ דאָך גאָרניט וואָס צו צולייגנ...

אָקסמאנ איז געזעסנ נאָך שטארק דערשלאָגנ אונ מיט פולער שרעק געקוקט אפנ זשאָרניטשער בערגל.

...א לעבנ האָט ער אָפגעלעבט רויִק אונ שיינ, ווי א לײַטישער באלעגאָס, אונ איצט ווילנ זיי צערויען זײַנ אייגענעם הויפ, זײַנ נעסט... ניט איינ הויפ האָבנ זיי שוינ אפ די ארומיקע כוטערס צע־רויעט... ייִדנ זאָלנ קוילענע ייִדנ, ס׳איז גאָר קיינמאָל ניט געהערט געוואָרנ. זאָלנ זיי נאָר כאסוועכאָלילע מאכנ זייער קאָ־לעקטיוו, אומגליקלעך וועט ער ווערנ... וואָסי, זיי זײַנען בע־סער, — האָט ער א קוק געטאָנ אפ יודלען, ווענ ער זאָל קאָנענ, ס׳איז אויך האַלע גאנעוו...

— אינ קיינ מעדינע... — האָט ער געזשיפעט, — ווו איז דאָס גע־הערט געוואָרנ אזעלכע צאָרעס...

— אָט איז דאָ נעכטנ פארנאכט דורכגעפאָרנ זייערער, א קאָ־לעקטיוונער, — האָט רוווע סמעקונ זיך אויסגעדרייט צו יאנקעוו אָקסמאנענ, — אָט, האָט ער זיך אָפגעשטעלט דאָרט נעבנ זאהאָנ די שקאפעס פויענ, אָט, זאָגט ער, אז בא זיי, אינ די קאָלעקטיוונ, איז גאָר גוט, אָט נעכטנ פארנאכט איז ער דאָ געוועג...

— וואָס הייסט גוט, — האָט זיך יודל אופגעהויבנ אונ געלאסנ צוגעגאנגענ צו אים, — וואָס הייסט גוט, בעהיימע דו, ס׳איז ניטאָ, פאר אלעמענ גוט איז ניטאָ, יעדערנ, פארשטייסטו מיך, קאָנ זײַנ גוט נאָר פאר זיך...

— אז עס קאָן גאָר קיינמאָל ניט זײַן,—האָט סימכע א טרייסל געטאָן מיט דער ברייטער רויטלעכער באָרד,—ס'קאָן גאָר קיינמאָל ניט זײַן, צײַט די וועלט שטייט, פירט זיך אזוי... נעמט די הייליקע טוירע, ניטאָ דאָרט אלעמענ גלײַך... הײַנט איז דיר גוט, דו ביסט דער יאכסן, האָסט קיין הויזן ניט, און מאָרגן איז מיר גוט.... ס'איז פאנטאזיעס...

שעפטל איז געזעסן און געשוויגן. דער ציגאר האָט זיך שוין געהאט פארלאָשן. ער האָט צעדרייט דאָס פאפיר און ארײַנגעשאָטן דאָס ביסל צוגערויכערטע מאכאָרקע אין קעשענע.

— פונדעסטוועגן איז אײַך נאָך איצט אויך אביסל בעסער,

— ווער לאָזט אײַך ניט, — האָט סימכע זיך געבעטן,—האָרעוועט, וועט איר האָבן. האָרעוועט ווי מיר...

— האָדיע, אָן הענט וועסטו ניט האָרעווען,—האָט שעפטל זיך אופגעשטעלט,—מיט צוויי הענט וועסטו גאָרנישט ניט אופטאָן...

— קאָנסט גיין צו זיי,—האָט יודל מיטן ציגאר אפ קאָוואלעווסק אָנגעוויזן,—גיי צו כאָנצען...

— בא זיי איז אסאך הענט...

— כע... כע... פאראן ווער ס׳ זאָל שלעפן דאָרט...

— כ'האָב זיי אין דר'ערד מיטן קאָפּ. כ'דארף הענט פאר זיך, פאר מײַן אייגענעם הויף באדארף איך.

יודל האָט זיך צוגערוקט צו שעפטלען.

— פארגעס. איצט וועסטו שוין קיין פרעמדע הענט ניט פארפירן.—די וואָנצ האָט זיך בא אים איבער דער צעשפּאָלטענער ליפּ געטרייסלט אין א פארשטיקט געלעכטערל.—ביסט שוין באלד דער עמעסער באלעבוס. זע, מיר וועלן דיך נאָך א טרויבער טאָן...

— כע... כע... כע...—האָט יאנקעוו אָקסמאן דערשראָקן א שמייכל געטאָן.

— סט'געהערט, וואָס סע טוט זיך אפ די כוטערס?

— וואָסי שײַעכ,—האָט יאנקעוו אָקסמאן אויסגעסטארטשעט די אויגן,—ס'זײַנען דאָרט טאקע די עמעסע באלעגופים, זיי זײַנען

דאָך ווי די אמאָליקע פּריצים דאָרט. און ווער איז בא אונדז דאָ רײַכער און ווער אָרעמער? ס'איז איינס דאָלעס...

— וואָס דרייען זיי מיר א קאָפּ,—האָט זיך שעפּסל געטראַכט,— איך רייד וועגן א ווײַב און זיי דרייען מיר פּאָליטיקע...

שעפּסל האָט זיך אויפגעהויבן און זיך געלאָזט מיטן פּאַליסאַדניק צום רויטן ווינקל.

אינמיטן דער גאַס האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער האָט נאָך די שקאַפעס נים געפּויעט און איז אוועק צו זיך אַפן הויף.

# דרײַצנטער קאַפּיטל

די צעפּאַליעטע זון איז געשטאַנען הויך איבערן סטעפּ. א מיד־דעכדיק שטאַרק טרוקן ווינטל האָט געכוואַליעט פון די באַשטאַ־נעס און עטוואָס צעהוידעט די זעמבענע קרוינען פון דעם שי־טערן קאָוואַלעווסקער פּלאַנטאַזש.

מיטן שמאָלן סטעזשקעלע איז כאַנצע גיך אין שיטערן פּלאַנ־טאַזש אַרײַן און אָפּגעבראָכן א שטעקל פון א דעמב. דער טונ־קעלער שאָטן פון דעמב איז געפאַלן אַף כאַנצען, אָפּגעקילט אים פון דער גליִענדיקער זון און דערמאָנט אָן עפּעס.

...אָט דאָ ערגעץ צווישן די דעמבן זײַנען זיי דרײַ טעג אָפּגע־לעגן מיט די אָנגעלאָדענע ביקסן און געלויערט אַף די שליאַכן. דער דעמב איז דעמלט אַסאַך געדיכטער געווען, און די שליאַכן זײַנען געווען אומרויִקע. דער פּאַרטיזאַנישער אָטריאַד זײַערער האָט פון טאָג צו טאָג דערוואַרט די ווײַסע שטראָף־עקספּעדיציע, וואָס האָט זיך, ווי מע האָט איבערגעגעבן, אָפּגעטיילט אין פּאָלאָני און פאַרנומען זיך אַף די ייִדישע כוטערס. מיט דער דאָזיקער עקספּע־דיציע האָט געוואָלט אָנפירן דעם קאָוואַלעווסקער אַראַפּטיקערס בענאָק, יאַנקעוו אָקסמאַנס פּלימעניק, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון די פּאַרטיזאַנער און אַריבערגעלאָפן צו די ווײַסע.

די שטראָף־עקספּעדיציע האָט ווי א כמאַרע זיך געטראָגן מיט

די הולצפֿאָלער כּוטערס און האָט זיך אַלץ דערנעענטערט אַהער צו קאָוואַלעווסק...

אָרום אין די באַלקעס ערגעץ האָבן שוין געברענט די שטרויענע דערפֿער. פֿון די דערבײַיִקע ייִדישע, דײַטשישע און אוקראַיִנישע דערפֿער האָבן זיך געקליבן פּאַרטיזאַנער און פּאַרפֿעסטיקט זיך צווישן די געדיכטע דעמבן. מע האָט געוואַרט.

אַ גאַנצע נאַכט איז דעמלט כּאָנצע אויף סאַמע בּרעג שוואַרצן פּלאַנטאַוש געזעסן אויף אַ שפּיץ דעמב און אַרויסגעקוקט מיט די ברוינלעכע אומרויִקע אויגן אויפֿן שליאַך.

מיטן שאַריִען, ווען די אונטערבאַרגיקע פּרימאָרגן־זון איז געפֿאַלן אויף די פֿײַכטע שפּיץ־ביימער פֿון דעם פּלאַנטאַוש, האָט כּאָנצע פֿון דעמב דערזען אויף אַ גאָר ניט ווײַטן בערגל די רײַטער־עקספּעדיציע. אין שטילן ריס האָבן זיי איבער דעם ווײַץ געריטן, נאָכדעם האָבן זיי זיך צונויפֿגעקליבן, אָפּגעשטעלט זיך אַ ווײַלע און באַלד פֿאַרקערעוועט מיטן קאָוואַלעווסקער וועג דורכן וועלדל.

כּאָנצע איז פֿלינק אַראָפּגעשפּרונגען פֿון דעמב און זיך געלאָזט צום אָטריאַד. דער גאַנצער אָטריאַד איז שוין געווען צעוואָרפֿן איבערן וועלדל, אין די קאַנאַוועס.

אויפֿן צווייטן בּרעג פּלאַנטאַוש, וואָס פֿירט מיטן שמאָלן וועג אַראָפּ באַרג אין קאָוואַלעווסק אַרײַן, האָט זיך געפּאָרעט כּעמע טראַסקון. ער האָט מיט די געטשאַיעווער כלאָפּעס אַ הויכן צעצווײַגטן בוים אונטערגעזעגט, מיט אַ שטריק איבערן דעמב פֿאַרוואָרפֿן, ער זאָל מיט דער שווערער קרוין איבער דעם וועג פֿאַר דער צײַט ניט אַ זעץ טאָן.

די רײַטער־עקספּעדיציע האָט געיאָגט גאָר נאָענט, אין שפּיץ פֿון אָטריאַד איז געריטן אין אַ ווײַסן אויסגעפּרעסטן אָנצוג מיט באַגילדטע קנעפּ אַ יונגער בלאָנדער אָפֿיצער. אין פּלאַנטאַוש איז שטיל געווען. טויט־שטיל.

דער רײַטער־אָטריאַד האָט זיך מיט א שטוביקן דריבנעם געטרײַב זיכער אַרײַנגעשניטן אין פּלאַנטאַזש. דער שטויב האָט זיך געהויבן העכער. אָט זײַנען זיי שוין באַם עק פּלאַנטאַזש. כאַנצע איז צוגעלאָפן און איבערגעהאַקט די שטריק. דער דעמב האָט א קרעכץ געטאָן און מיט א טראַסק אין די צווײַגן פאַר דער עקספּעדיציע איבערן וועג א טאַראַבענדזשע געטאָן.

פון דעם פּלאַנטאַזש, פון די קאַנאָוועס האָבן זיך פּלוצלינג צעפּראַלט די ביקסן. און מיט א „אוראַ״ האָבן זיך פון אַלע זײַטן א וואָרף געטאָן די פּאַרטיזאַנער.

היפּש פון דער שטראָף־עקספּעדיציע האָבן זיך דורכגעריסן און זײַנען אַוועק אַראָפּ מיט דער קאָוואַלעווסקער באַלקע. אַסאַך פון זיי זײַנען אַפּגן שמאָלן פּלאַנטאַזש־וועג געבליבן. מע האָט זיי נאָכדעם הורטאָם אַרײַנגעשלײַדערט הינטערן וועלדל, אין דער לײַמיקער גרוב. צווישן זיי איז אויך געווען דער, וואָס אין ווײַסן אָנצוג מיט די באַגילדעטע קנעפּ. די פּאַרטיזאַנער האָבן אים דערקאַנט. ס׳איז געווען דעם אַראָפּטיקערס באַלעגופּס זון.

כאַנצע איז שוין געווען ווײַט הינטער דעם פּלאַנטאַזש. ער האָט זיך אַרופגעהויבן אַפּן צווייג. שטשאַוועל־בערגל, דערזען אונטן בוריאַנאָווקע און דערפילט א ווייטעק אין דעם אויסגערונענעם אויג.

דער ווייטעק אין אויסגערונענעם רעכטן אויג האָט אים ווידער דערמאָנט:

...אין א פּאָר טעג אַרום, פאַרנאַכט, ווען ער איז צופּוס שטאַרק מיד פון א כוטער געקומען און איז נאָר אַרײַן אין הויף, האָבן זיך פון אַלע זײַטן כוטער באַוויזן רײַטער.

אין צעיושעטן גאַלאָפּ האָבן זיי זיך געטראָגן פון אַלע זײַטן אַפּן כוטער פון דער הרעבליע, פון צאָמבער־בערגל, פון דער ווינטמיל. די רײַטער האָבן זיך אָפּגעשטעלט נעבן יאַנקעוו אָקסמאַנס פּאַליסאַדניק, געשטאַנען דאָרט א ווײַלע און נאָכדעם גלײַך פאַרקערעוועט צו כאַנצען.

ער איז אַרײַנגעלאָפּנ אינ הינערשטעלכל. ווי א באנדע וועלפ האָבנ שוינ געוויעט ארום הויפ די רײַטער. ער איז פלינק, ווי א האָז, ארויסגעשפרונגענ פונ הינערשטעלכל אונ אַרײַנגעגראָבנ זיכ אינ דער נידעריקער ווייצנ־סטערטע. די באנדיטנ האָב געווילדעוועט אינ הויפ. זיי זײַנענ באפאלנ די זעמליאנקע. גענישטערט אינ הינערשטעלכל. עטלעכע פונ זיי זײַנענ ארופגעקראָכנ אפ דער ווייצנ־סטערטע אונ גענומענ דורכשטעכנ מיט ווילעס די שטרוי.

כאָנצע איז געלעגנ מיטנ פּאָנעם ארופ. ער האָט געפילט נעבנ דעמ קאָפּ ווייערע שטיוול, ער האָט זיכ געוואָלט איבערדרייענ דענסטמאָל האָט א בלאנקענדיקער צאָנ פונ דער ווילע קאלט דורכגעבלעגדט פארבײַ דאָס רעכטע אויג זײַנס אונ מיט א פאר־שטיקטנ קוויטש זיכ אַרײַנגעשניטנ אינ שווארצאפל. דאָס רעכטע אויג איז אונטער די שטרוי דאָרט אויסגערונענ...

וואָס נעענטער צו בוריאנאָוויקעס, האָט זיכ אלצ שטארקער געפילט דער פארטאָגיקער רעגנ. פונ סטעפ האָט זיכ געטראָגנ א פארע, די אויבערשטע ערד־שאָלעכצ האָט זיכ געשפּאָלטנ.

כאָנצע האָט זיכ גיכ־גיכ גענומענ אראָפּ־בערגל, דערפילט זיכ ווי אמאָל אינ פארטיזאנישנ אָטריאד אונ הויכ איבערנ סטעפ גערעדט צו זיכ.

— דעם באקצאָנ פונ זיי... זיכ ווײַטער אָנגעלעבט אפנ באטראק, אונ דער כוטער פייגערט אוועק פאר ברויט... עכ, וועלנ מיר א קאטאיע טאָנ, ס'וועט אזש הודיענ... זי האָט בא זיי די עמעסע האנט, געראָטנ אינ דעמ טאטנ, אינ דעם באָנדער. ער האָט זיכ פארטראכט אונ מיטאמאָל א כאפ געטאָנ.

— וויאזוי וועלנ מיר דאָס ארבעטנ מיטנ טראקטער?.. כעמעס דעסיאטינקע ליגט אפ נאזארעוויטש. עלקאָנעס נעבנ באלקע, דאכט זיכ, דאָדע בורלאקס אזש הינטער דער טאלאָקע אונ ווילינאָווס... די ערד איז ווי אפצעלאָכעס צעוואָרפנ, טפו זאָל דאָס ווערנ, צו אָסיענ וועלנ מיר איינ קלינ אופרײַסנ, נאָר וויאזוי

וועלנ מיר דאָס האיאָר נאָכ קאָסיענ, דער רועכ זאָל דאָס נעמענ מיט די מעושעס...

ער האָט גיכ גערעכנט אפ די פינגער, געטומלט זיכ אונ אלע ווײַלע פארגעסנ, וועגנ וואָס ער האָט אָקאָרשט געטראכט.

— הייסט דאָס, פיר פערדלעכ האָבנ מיר... אונ צוויי שנײַדמאשינעס... אונ דער טראקטער... עכ, מיר וועלנ נאָכ האיאָר האָבנ ברויט מיט געזײַערטע אוגערקעס.—אונ ער איז אונטערגעשפרונגענ, ווי ער וואָלט וועלנ וואָס פריִער אָנקומענ מיט דער נײַס, אז קאָוואלעווסק גיט מאָרגנ דעמ טראקטער פאר זייער קאָלעקטיוו.

דער סטעפ האָט זיכ פונ בערגל צו בערגל שטיל געכוואליעט, ווי א פארביקער פערסישער טעפיכ. שמאָל־קרומלעכע ווייצנ־פאסנ האָבנ זיכ מיט זייער געלער רײַפקײַט ארײַנגעכוואליעט אינ דעמ גרינעמ האָבער, בלוי-פאנאנדערגעבליטנ נידעריקנ לײַנ. גרינע קארטאָפל־בייטנ האָבנ זיכ דורכגעפלאָכטנ מיט גערשטנ, אונ יעדער מעושע האָט זיכ איבערגעגאָסנ מיט אנ אנדער באפארבונג אונ דערמאָנט, אז יעדער קלינ, יעדער מעושע געהערט צו אנ אנדערנ, צו א פרעמדנ כוטעראנעצ.

— ס'איז שוינ, זעט מענ גלײַכ, בוריאנאָווקער סטעפ,—האָט כאָנצע אויסגעשפיגנ,—סארא ווייצ, ס'איז גאָר קיינ ווייצ ניט, דורכויס הירטשאק...

גייענדיק האָט ער זיכ אומגעקוקט אפ צוריק, אפ קאָוואלעווסק: א שטיק סטעפ איז שוינ געלעגנ געל, נאקעט אונ ס'האָבנ ארויסגעקוקט צונויפגעלייגטע הויכע קאָפיצעס.

אָנ א זײַט, פונ אונטער זשאָרניטשער בערגל, האָבנ צײַטנווײַז זיכ באוויזנ עטלעכע טראקטערס, אונ ס'האָט זיכ דערטראָגנ א ווײַט הודיענ פונ שנײַדמאשינעס.

— אָט דאָרט ענדיקנ זיי דאָס,—האָט ער זיכ א קראצ געטאָנ דאָס הארטע געבבלעכע בערדל,—דאָס איז דאָכ שווארצ־כוטער,— אונ זיכ פלוצלינג דערמאָנט.

— אונטן דאָרט, באַם זשאַרניטשער בערגל ליגט אַקסמאַנס א שווארצער קלינ אפּ פּירדיי.

ער האָט אָנגעהויבן גיין נאָך גיכער, ווי ער וואָלט געפּאקט א נייעם געדאַנק.

— אָקסמאַנס קלינ איז פּונקט פאַרן קאָלעקטיוו...

אינ כוטער איז ער אָנגעקומען שפּעט נאָך האַלבן טאָג און זיך געלאָזט אינ קאַענעס.

אינ קאַענעס זיינען שוינ געווען די ארטעלשטשיקעס. עלקע האָט זיך ארומגעדרייט א צעטראָגענע און עטוואָס צעטומלט, ווי זי וואָלט זיין שטארק פארנומען מיט עפּעס.

ניט לאַנג זיינען פון ראיאָן, פון פּארטיי־קאָמיטעט צוויי פאַר־פּירן אָנגעקומען.

אינעם ערשטן פּאַפּיר ווערט פאָרגעלייגט עלקע רודנער גלייך נעמען אפּ זיך די אָנפירונג און די פולע אָרגאַניזאַציע פונעם קאָלעקטיוו. דעריבער פאַרהאַלטן זיך אינ בוריאַנאָוקע לענגער און אינ מעשעך פון די נאָענסטע טעג אומבאַדינגט ארויספאָרן שניידן דאָס ברויט.

דאָס צווייטע פּאַפּירל, פּונקט אפּ אזא פּאַפּיראָס־פּאַפּיר, רופט דרינגענד ארויס כאַנצען אינ פּארטיי־קאָמיטעט. לויטן צווייטן פּאַפּירל און באַזונדערס לויט דעם ערשטן האָט עלקע געפילט, אז מע רופט אים ארויס ניט גלאַט, נאָר וועגן א וויכטיקן און ערנסטן פארזענלעכן איניען.

— מע רייסט אראָפּ די ארבעט,—האָט זי געבורטשעט, ווי עמעצער פון די כוטעראַנצעס וואָלט געווען שולדיק אינ דעם,— מע דארף דאָ האָבן מענטשן איצט, ווי אפּ א פראָנט, און דאָרט... ווי אפּ צעלאָכעס...

באַלד איז אָנגעקומען כאַנצע א פארשוויצטער. ער האָט שווער געסאָפּעט, געשטשירעט מיט די געלע ציינ און געשמייכלט:

— פאַראַנ!

— ס'קאָן ניט זײַן, — האָבן זיך די ארטעלשטשיקעס א וואָרף געטאָן.

— ווו איז?...

— אפ מײַן וואָרט, — האָט כאָנצע פארוואָרפן דעם קאָפּ און ברייט אין דעם נידעריקן, שמוציקן צימער ארײַן, — ס'איז פאראַן — און פארטיק.

— ווו שטייט ער?

— ווו איז ער?..

— פאראַן, מירן אים שווינ ברענגען, — האָט כאָנצע א קנאַק געטאָן דאָדע בורלאַקן אין דער פּלייצע, — כ'האָב זיי א נעם געטאָן דאָרט, אהער־אהינ, אייגענע יאטן, זאָג איך, צוזאמען דאָ בא אײַך אינ פּלאַנטאַוש די פּריצים מיט די באנדעס געיאָגט... און איצט, זאָג איך, אײַך איז גוט, און אונדז פרעסט נאָך דער באַלעגופ אָפּ דעם קאָפּ, אָקסמאַן, זאָג איך...

— ווו־זשע איז ער? — האָט קאָפּלדינער אונטערגעטאַנצט.

— וואָרט־צו... זאָג איך... נו, אהער־אהינ, שמײַסן אפּ אים, זאָג איך, וועט דערווײַל זי, די כאָווערטע רודנער, — ער האָט א קוק געטאָן אפּ איר מיטן איינציקן אויג, — נו, און ס'איז פאַראַן, זיי וועלן געבן... מאָרגן וועסטו ארויס נאָך אים, — איז ער צוגעגאַנגען צו עלקען, און דער קאָל איז בא אים געוואָרן נידעריק, ווי ער וואָלט מוירע האָבן, אז זי וועט זיך באַליידיקן.

— הייסט דאָס, כאָנצע, קאָן מען זיך נעמען, הא? — האָט דאָדע בורלאַק א צי געטאָן די טראַנטעדיקע הויזן ארופּ.

— ניט מע קאָן, — האָט עלקע זיך צו אים אויסגעדרייט, — מע דאַרף. מיט איין וואָרט, כ'זאָג, — זי האָט געפילט, אז די גאנצע פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פאר איבערמאַכן דאָס כוטערל ליגט איצט אפּ איר, און ס'האָט זיך געהערט א שטאַרקערע ויכערקײַט אפילע אין דער שטים.

די ארטעלשטשיקעס האָבן פארדרייט גראָבע ציגארן און זײַנען אוועק. עלקע האָט זיך אָנגעשפּארט אָן טיש און געבלעטערט די פּאַפּירן.

כאַנצע האָט זיך אוועקגעזעצט נעבן איר.

— וואָס איז דאָס פאַר א פּאַפּיר... פון פּאַרטיי־קאָמיטעט!..—

ער האָט לאנג געדבייט דעם פאפיר אין אלע זייטן און ביז ווייטיק געקראַצט זיך דאָס שטעכיקע בערגל.

ער איז מיטאמאָל געוואָרן שטארק אומרויִק.

עלקע האָט זיך אופגעהויבן פון טיש.

— אָט נא, נאָך איינס.

ער האָט גענומען דאָס צווייטע פּאַפּירל, האָט לאנג געקוקט, צעטראָגן אוועקגעשפּאנט איבערן צימער און דאָס אויג איז בא אים מוטנע געוואָרן.

## פערצנטער קאַפּיטל

דער כוטער האָט געטומלט. איבער די הויפן האָט זיך ווי א ווינט דורכגעטראָגן א ידיעה, אז כאַנצע איז געקומען פון קאָוואַלעווסק מיט א טראַקטער.

סימכע בערעזינג איז מיט די הויפן ארומגעלאָפן איבער דעם כוטער און שטילערהייט איבערגעגעבן וועגן דעם פאַפּיר, וואָס איז אָנגעקומען פון קאָמיטעט. עו האָט פון דעם פאַפּיר שוין געוווסט, און ער האָט יעדערן פארזיכערט, זוז ער דערציילט דאָס נאָר אים, און קיינער טאָר וועגן דעם ניט וויסן.

— סט'שוין זייִנג פריילעך, האָט ער אונטערגעשמייכלט,—מע האָט אים געפּאַקט, כאַנצען... ס'פעלט א מאסע מיט ברויט אין אמבאר... איר ווייסט, וואָס סע טוט זיך דאָ—הוילע גנייווע...

לויפנדיק איבער די הויפן האָט ער צעטומלט געטראַכט:

— מע דארף עפּעס טאָן, צי מיט גוטן, צי מיט בייזן. טאָן דארף מען. ווו איז דאָס אָקסמאַנ ניט געוואָרן פלוצלינג?

ער האָט זיך געלאָזט צו שעפּטל קאָבילעצן.

אין דער האלב טונקעלער זעמליאנקע בא שעפּטל קאָבילעצן איז געווען שטארק רויִק. אפ די גרויע פענצטער האָבן אומעטיק

געזשומעט די פליגן. שעפטל קאַבילעץ איז געזעסן אין ווינקל אפ א קלאָץ און געגעסן. ער איז געזעסן האלב־נאקעט, אָן א העמד, געקוועטשט קארטאָפל פון פעלצלעך און פארכליאָפטשעט מיט קאלטן קיצלדיקן זויערמילכ.

ער האָט דערהערט טריט אין הויפ. אפגיכ צוגענומען דעם לאדישעק, פארשטעקט אין שפיזארניע, אָפגעשאָטן עטלעכע קאר־טאָפל: די איבעריקע אפגיכ אָפגעלייגט אָן א זייט, אפן פארהאנ־גענעם פענצטער, קיינער זאָל ניט זען. מיט דער ניט־געוואשע־נער האנט אָפגעווישט די זויער־מילכ פון דער מאָרדע און ארויס צו דער טיר. אנטקעגנ איז אָנגעגאנגען סימכע בערעזינ.

סימכע איז שווייגנדיק מיט א פול־כוידעסדיקן אויסזען אליינ דער ערשטער אריינ צו אים אינ שטוב און א ווונק געטאָן שעפטלען, ער זאָל פארמאכן די טיר.

זיי האָבן לאנג זיכ געשושקעט. סימכע האָט זיכ געהיצט און געמאכט מיט די הענט. נאָכדעם האָט ער זיכ אופגעכאפט און איז אוועק.

— געדענק, זיי וועלן בא דיר צונעמען אלץ, וואָס דו האָסט, די טאכטוינים וועלן זיי דיר אויסטאָן,— האָט ער געשריִען פון שוועל.

די יעדיִעס, וואָס סימכע בערעזינ האָט אים געבראכט, און באזונדערס וועגן דעם טראקטער, האָבן זיכ שעפטלען ווי א קאץ אפן הארצן געלייגט, ער האָט איבערגעלאָזט די קארטאָפל און איז ארויס אינ הויפ. ער האָט זיכ ארומגעדרייט אינ שטאל צווישן די פערד, אינ קלוניע, און אים האָט זיכ געדאכט, אז ער האָט עפעס פארלאָרן. זינט סימכע איז צו אים אריינ האָט ער עפעס אָנגעוואָרן. ער איז געווען שטארק כמורנע און געשריִען אפ דער מאמען, וואָס איז געלעגן נעבן דער פריזבע אפ א רעדנע.

— כיי וואָלט זי שוינ אוועקגעשטאָרבן... סיי־ווי־סיי טוט זי גאָרניט—און האָדיע... באדיי וואָלט זי כאָטש אינ שטאל געהאָלפן, איז אויכ ניט, אבי אומזיסט ברויט אוועקפאטערן...

ער האָט דערזען אינדערהויך אפּן כוטער עלקען. זי איז האסטיק געגאנגען מיט דאָדע בורלאק און הויך געזעדט, אז ס'האָט זיך דערטראָגן אהער. באלד האָט זי פארקערעוועט צו ווילינאָוונ אין הויף און אין א ווײַלע ארום זיך געלאָזט צו כאָרטנערן.

— וואָס קערט זי דאָ, אין א פרעמדן כוטער! — האָט ער אויסגע־שפּיגן, ניט איר אייסעק איז דאָס... ס'איז ניט פאר קיין מויד...

נעבן סימכע בערעזינס קאנאווע, בא דער זײַט פון דעם אײַנ־געוואלגערטן פארקאן, האָבן זיך געקליבן ארום סימכען אײַנצלנע כוטעראנצעס.

— נעמען קאָנען זיי, — האָט סימכע געטײַנעט, — דאָס קאָנען אלע, אָבער געבן — א קרענק... נו, וואָס זאָגט איר איצט וועגן דעם אמבאר?..

די מײַסע וועגן דעם אראָפּגעגאנווענען ברויט אין געזעלשאפט־לעכן אמבאר, כאָטש קיינער האָט נאָך ניט רעווידירט, האָט שוין צעפּודזשעט די כוטעראנצעס, און זיי האָבן זיך אלץ מער געקליבן ארום סימכען.

— אָבער דער קאָמיטעט האָט אים ארויסגעטרעבעוועט, — האָט שיִע קוקו זיך געהיצט, — ס'איז ניט באם אוריאדניק, בא זיי פאר־שווײַגט מען ניט.

— ווער זאָגט, — סימכע האָט אופגעהויבן די באָרד, — די אידייע זייערע איז עפּשער א גוטע, אָבער זיי אליין זײַנען דאָך ראָס גאנאָווים, צוליב וואָס מאכן זיי די קאָלעקטיוון, אויב ניט צו ראבעווען...

— ווייניק האָט ער זיך אָנגעזשרעבעוועט, — האָט שיִע א בורטשע געטאָן, ווי ער זאָל מוירע האָבן, סימכע זאָל ניט דערהערן.

איבערן כוטער, איבער די הויפן האָט זיך געטראָגן א געשריי.

פון כעמע טראסקונס הויף האָבן די פּיאָנערן ארויסגעקײַקלט עטלעכע הינטערשטע רעדער און מיט א טומל און געשריי זיך געלאָזט צום קאענעס.

—

די זון איז שוין געווען גאָר־גאָר נידעריק. א שטארק טונקע־לער שאָטן איז געפאלן פון די ביימער איבערן וועג און געשאָר־כעט מיט די בלעטער.

מיט דער שאָסנדיקער סטעזשקע איז א צעפאטלטע עלקע גיך געגאנגען צום קאענעס.

אינ קאענעס־הויף, נעבן דעם צע[illegible]טענעם בוריאן האָבן זיך געוואלגערט אלטע רעדער, צעבראָכענע [illegible]עס, הראבליעס. נעבן [illegible] כאטע מיט די ארומגעשמירטע בלאָע ווינקלען זיינען גע־שטאנען אָנגעשפארט א פאָר באסטערמאקן און ס'איז געלעגן צעריסענע זברויע.

אפן וועג זיינען עלקען אנטקעגנגעלאָפן די פּיאָנערן. זיי זיי־נען זי באפאלן פון אלע זייטן.

— כאווערטע רודנער!

— מירן פאריכטן די זברויע...

— מיר ווילן.

— מירן די באסטערמאקן,—האָבן זיך די כעוורע געשטופט צו עלקען מיט אָנגעצונדענער פרייד און ליבע אין די אויגעלעך ווי זי וואָלט דאָ פארפירט א גרויסע שפיל.

— מירן פאשען די פערד.

— מיר ווילן...

— כאווערטע רודנער!

— גיט אונדז די פערד...

— און ווער איז פון אייך, כעווערע, א טראקטעריסט?

— איך,—האָט יאָסקע פיסקון זיך ארויסגעכאפט.

— ער ניט, ער ניט...—האָבן די פּיאָנערן אופגעהויבן א גוואלד.

— ער פאשעט זייער פערד ניט.

— גיט אים ניט, אם דארט מען ניט...

יאָסקע איז רויט געוואָרן, א בורטשע געטאָן מיטן ברייטן נעזל און אָפגעטראָטן.

די כעווערע האָבן געטומלט.

עלקע האָט זיך אוועקגעזעצט אפ די קני. ס'איז גלייך געוואָרן שטיל.

— דער ערשטער רינג, כעוורע, פאריכט די הראבליעס.

— דער צווייטער רינג די באסטערמאקן!..

— דער דריטער, כעוורע, גרייט צו בייטשן,—זיך באלד פאר־כאפט.—ניין, ניין, ניין, דער דריטער וועט... וואָס ווילט איר?

— פאשען די פערד!

— גוט, היינט פאשעט דער דריטער די פערד.

זי האָט צונויפגענומען דעם שטערן, ווי זי וואָלט זיך אָן עפעס דערמאָנט.

— און דער פערטער וועט גיין איבערן כוטער צונויפרופן די פארזאמלונג.

די כעוורה האָבן זיך א לאָז געטאָן אין הויף און זיך צע־שפרונגען, ווי די יונגע זשערעבטשיקעס אין פרילינג.

פון דעם דריטן רינג האָט וואָווע, קאלמענ׳ס זאָהאָטס ייִנגל, געשריִען:

— יאָסקע... ווו איז יאָסקע?...

יאָסקע איז אין הויף ניט געווען. ער האָט זיך נאָך פריִער פאמעלעך ארויסגערוקט און מיט די פאליסאדניקעס אוועקגעלאָפן אהיים, אראָפ צאָמבער־בערגל.

## פופצנטער קאפיטל

פארנאכט האָט עלקע געוואָרט מיט אומגעדולד אף דער פאר־זאמלונג, זי האָט געפילט א מידקייט פונעם גאנצן טומלדיקן טאָג. נאָר זי האָט זיך אלע ווײַלע דערמאָנט, אז דער פארטיי־קאָמיטעט האָט אף איר ארופגעלייגט די פאראנטוואָרטלעכקייט פאר אָרגא־ניזירן דעם קאָלעקטיוו, אז זי האָט שוין דעם ערשטן קנופ גע־מאכט, זי האָט שוין א טראקטער,— און פארגעסן אינגאנצן אָן דער מידקייט. ס'האָט זיך איר אלע ווײַלע פאָרגעשטעלט, ווי זיי

װעלן דאָ אופֿאַקערן די מעזשעס און אָנהײבן בױען א נײַ סאָ-
ציאַליסטיש דאָרף... זײ װעלן אױסבױען א גרױסן בעהײמע-שטאַל
מיט אַלע באַקװעמלעכקײַטן, א שטאַל פֿאַר די פֿערד, א גרױס
הױז, א צװײ-שטאָקיקע צעמענטירטע צוזאַמענװױנונג מיט עלעק-
טרישער באַלײַכטונג, זײ װעלן דורכלײגן א שאָסײ, און אױף
סטעפּ װעלן הודיען קאָמבײַנען,—און זי דערפֿילט מיטאַמאָל אַן
אױסערגעװײנלעכע פֿרײד סײַ פֿון צײַ[illegible]ן דאָס אַלטע און סײַ
פֿון בױען דאָס נײַע, זי זעט דאָס [illegible]מעט, זאָל זי נאָר פֿאַר-
זשמורען אַביסעלע די אױגן...

ס'איז שױן געװען גוט פֿינצטערלעך, װען זי איז אַרױס אין
גאַס. זי איז געגאַנגען און א טראַכט געטאָן, אַז בײַ יודלען
דאַרף מען די אָבלאַװע מאַכן הײַנט באַנאַכט. נעבן רױטן װינקל
איז נאָך געװען שטיל.

אין גאַס האָט איר באַגעגנט מאַטוס.

— װידער א פֿאַרזאַמלונג? װאָסי װײַטער?...

— װעגן קאָלעקטיװ... די כוטעראַנצעס זײַנען נאָך איצט װי
דער טשערעט, מיר דאַרפֿן זײ הײַנט אײַנבײגן טאָן, װעלן מיר
מאָרגן האָבן אַן אָרטעל אױף גאַנצן כוטער...

— טשערעט בײגן דאַרף מען קאָנען,—האָט מאַטוס זיך אָפּגע-
רופֿן,—אַז מע בײגט שלעכט, ברעכט ער זיך... עפּעשער אַװעק-
שטעלן בעסער א ברײטן פּאַרטראַג.

עלקע איז אָפּגעגאַנגען אָנאַזײַט.

— לאָז צורו מיט דײַנע פּאַרטראַגן, מע װעט זײ נעמען, די
כוטעראַנצעס, ניט מיט שײנע רײד. לעניג האָט שטענדיק געקאָנט
אױסגעפֿינען די סאַמע קאָנקרעטסטע זאַכן, װאָס זאָלן מיטרײַסן
די גרעסטע מאַסע, אַז זי זאָל זיך אַלײן, אַלײן װאַרפֿן אין פֿײַער...

— דרײט דרײט... מע װעט דערנאָך דיך אױך א שלעפּ טאָן...

— װאָסי?

— מע זעט דאָך, ניט אומזיסט האָט כאָנצען דער פּאַרטײ-
קאָמיטעט אַרױסגערופֿן.

— דו ווייסט,—האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָן,—דו ווייסט צוליב וואָס?
ער האָט אַרײַנגערוקט דאָס שוועבעלע אין באַקצאָן, אַ קאַלופּע געטאָן.
— מע זאָגט, מאַלע וואָס מע זאָגט...
— וואָסי, וואָס האָסטו געהערט?... וועגן כאָנצעס טאָקע, אָדער...
— ניין, ניין... כ'האָב גאָרנישט ניט געהערט, מאַלע וואָס מע רעדט. מײַנע דײַגע. וואָס־זשע וועט זײַן הײַנט, לאָמיר שוין וויסן עפּעס.
עלקע האָט געקוקט אַביסל מיט כשאַד, ווי ער וואָלט פון איר אויסבאַהאַלטן אַ וויכטיקן איניען. נאָכדעם האָט זי פאַרוואָרפן די האָר, ווי זי וואָלט אַלץ אָפּגעשלײַדערט.
— מירן אָנהייבן פון אָקסמאַנען, פון דער ווינטמיל. נו, און דערנאָך וועלן מיר אַ פאָרקע טאָן דעם קלין, וואָס אונטער זשאָרניטשער־בערגל, ס'איז פונקט פאַרן קאָלעקטיוו...
— מיר דאַכט...—האָט מאַטוס זיך פאַרקרימט.
— זאָל זיך דיר ניט דאַכטן.
זי איז אַרויס צום וועג. נעבן דער ווינטמיל האָט זי דערזען קאָפּלדינערן. זי איז אַוועק אַהין, צום זאַמד־בערגל.
אויפן זאַמד־בערגל איז אין דער טונקלקײַט געשטאַנען די ווינטמיל, פאַרשלאָפן געדרייט מיט די פאַרלאַטעטע פליגלען און פאַנאַנדערגעטראָגן אַ געוויש פון די שטיינער.
נעבן דער מיל איז געשטאַנען אַ האַלושקער פור. קאָפּלדינער האָט געהאָלפן אַראָפּשלעפן די זעקלעך געררשטן צו דער מיל־קייט.
דער האַלושקער שטויביקער ייִד האָט שווער געסופעט.
דערציילט.
— דאָרט, אויף די מאַריופּאָלער כוטערן האָט מען נעכטן באַנאַכט אַרויסגעיאָגט די באַלעגופים...
— כאָנע אָקסמאַן האָט מען אַ נאַקעטן אַרויסגעטריבן, אַ צאַר־באַלעבײַיִם... כאָטש די כאָלערע מעג אים נעמען מיט זײַן ברודער

צוזאמען.—ער האָט זיך ארומגעקוקט—אָ, דער ברודער זײַנער שינדט נאָך אויך די הויט. זעקס מיט א האלבן פון פוד רײַסט ער נאָך, פוכניען זאָל ער...

## זעכצנטער קאפיטל

אינאָווענט איז יודל פיסקון געקומען פון כוטער אינגאַנ׳ צן א צעבוימשעטער און, ווי׳ שטענדיק אין אזעלכע פאלן געזײדלט די ווײַב, צעבראָכן וואָס סע האָט זיך אים געמאכט אונטער די הענט און נים געוווּסט, וואָס סע טוט זיך מיט אים. קיינער האָט עפּשער דעמלט נים געפילט אזא גוואלדיקע שרעק פאר אים, ווי ער אליין פאר זיך... דאָס, וואָס די שקאפע איז נים אוועק־געפייגערט, האָט אים איצט פלוצלינג דערנומען ביזן ביין. ער האָט פארהאנגען די פענצטער און דורך דער צווישן־טיר זיך ארײַנגעכאפּט אין דעם פארשפּארטן שטאַל.

אין שטאַל איז געווען טונקל. אין גראָען ווינקל איז מיט פאר־גלאָצטע אויגן געלעגן די גניאדע. ארום די אויגן־לעכער און אף דער פײַכטער נאָז האָבן געדיכט געקישעט אסאך שווארצע און בלויקלעפיקע פליגן, ווי אף א פּעגירע.

יודל איז צוגעגאנגען, א פּאָרע געטאָן מיטן פוס און מיט עקל אויסגעשפּיגן.

— כײַ וואָלט מען זי שוין געקאָנט אָפּשינדן, כאָטש שינד זי א לעבעדיקע,—האָט ער א בורטשע געטאָן,—די מיסעמעשונע נעמט זי גאָרניט...

ער האָט זיך ארופגעדראפּעט אינדערהויך, צו די קראָקוועס און איינציקווײַז אראָפּגעוואָרפן אף דער ערד די פארטריקנטע פערדן־פעל. דורך דער צווישן־טיר האָט ער ארופגעשלעפּט די פעל אפּן בוידעם און ־א־רוקט טיף הינטער דער פאראיאָריקער פאלאָווע. מיטאמאָל [illegible] ער דורך דעם בוידעם־פענצטערל דערזען יאנקעוו אָקסמאנען. ער איז מיט די קלוניעס געגאנגען אהערצו.

יודל איז גיך אראָפּגעשפּרונגען פון בוידעם און פארשלאָסן די שמאָלע צווישן־טיר.

אָקסמאַן איז געווען שטארק צערודערט.

זיי האָבן זיך פארקליבן הינטער דער אויסגעקליטשעטער סטערטע היי און געזוכט איינער בא דעם אנדערן א טרייסט אין די אויגן.

— זיי ברענגען דעם טראַקטער,—בא אָקסמאַנען האָבן געציטערט די אופגעבלאָזענע בלאָווע אָדערן אף די הענט,—מיר האָבן דעמלט געערדט... וואָסי שייעך, דו געדענקסט מיסטאָמע, האָסט געזאָגט...—ער האָט זיך פארכאפּט—אויב מיר וועלן איצטער ניט טאָן, איז שלעכט... אָדער מיר, אָדער זיי...

יודל האָט געשוויגן.

— דו האָסט דעמלט, ווי מיר דוכט. .

— זיי וועלן אים ניט ברענגען,—האָט יודל א צופּ געטאָן די וואָנצ.

— הא... וואָס?...

— זיי וועלן אים ניט ברענגען, זאָג איך... אויב איר וועט וועלן...

— וואָסי שייעך...

— מע דארף... די מו...

אָקסמאַן האָט זיך געפּרוּ... אָנשטויסן, וואָס יודל האָט געמיינט דערמיט, נאָר ער האָט ניט געכאַפּט דעם געדאַנק.

— אהא... אהא...—האָט ער געשאָקלט מיטן אויסגעקראָכענעם בערדל.

— און ווי איז מיט סימכען?

— ער וועט זיין היינט באדערנאכט...—אָקסמאַן האָט זיך ארומגעקוקט,—אין קלוניע בא מיר...

— דעריקער, זייער פארזאמלונג טאָר מען ניט דערלאָזן...

— כ׳האָב באוואָרנט, כ׳האָב באוואָרנט,—האָט אָקסמאַן צוגעפינטלט מיט די אויגן.—די פארזאמלונג וועט זי היינט שוין ניט האָבן...

יודל האָט אים איבערגעשלאָגן. דאָס לינקע אויגל האָט בא אים א שפּיל געטאָן, און ער האָט אים פאַרטײַעט דערציילט, וויאַזוי ער האָט דעמלט פאַרנאַכט אַרויסגעלאָזט די לאָשעקעס פון זאַהאָן...

יאַנקעווּ אָקסמאַן האָט געוואָלט אונטערשמייכלען, נאָר ער האָט ניט געקאָנט, ער האָט געפילט אַף זיך א צעטראָגענע כמורנעקײַט. נאָך מיטאַמאָל האָט ער עפּעס אָנגעהויבן גלויבן אין יודלען, גע־וואָרן פרײַלעכער און זיך שטאַרק נאָענט אײַנגעבויגן צו אים.

— מיינסט, זיי ווייסן ניט, וואָס סע טוט זיך בא דיר... כ'האָב געהערט...

יודל האָט אויסגעצויגן די אויערן, ווי א כאָרט.

— וואָס? וואָ־וואָס?...

— מע רעדט... אַז די שקאַפּע... מע זאָגט, אַז...—ער האָט זיך ווידער אַרומגעקוקט און מיטן אויג אַרונטערגעפירט אונטער דער סטערטע שטרוי, ווו זיי זײַנען געזעסן.

כאָטש אָקסמאַן האָט גאָרנישט ניט געהערט וועגן דער סטערטע שטרוי, נאָר ער האָט אַף זיכער געוווּסט, אַז יודל האָט אין האַרבסט אײַנגעקויפט היפּשע וועגענער ווייץ, און פאַרשטאַנען, אַז ער האָט זיי געוויס געמוזט פאַרגראָבן ערגעץ אונטער א סטערטע...

יודל האָט עטוואָס פאַרביסן די וואָנצעס און געשוויגן. ער האָט זיך געסטאַרעט זײַן רויִק, אַז אָקסמאַן זאָל גאָרנישט ניט דער־קענען אַף אים.

— א האָן קאָן איך זיי לאָזן,—האָט יודל מיטאַמאָל אַרויסגע־סאָפּעט.

— ש־ש־ש... ש־ש־א...

— וואָס האָט איר מוירע, נאָר איר האָט מוירע... אין אויספּע־נעוועקע האָט מען... און מע ווייס ביז הײַנטיקן טאָג ניט ווער...

אָקסמאַן האָט זיך אויפגעפּודלט. דערויף האָט ער געוואַרט. דאָס האָט עפּשער געקאָנט ראַטעווען די לאַגע, נאָר ס'האָט אים אָבער געשראָקן.

— איז וואָס שווײַגסט איר, מע דאַרף...—ער האָט זיך אַ קראַץ געטאָן די דלאָניע,—כ'בין שוין געווען בא אים...—און ער האָט אָנגעוויזן אפֿן שוואַרץ־כוטער.

— ער טאַקע?—אָקסמאַן איז אופגעלעבט געוואָרן.

— ער ס'גייִן... פּראָפּקאַ, כ'האָב מיט אים אָפּגערעדט.

— און טאָמער...

— מע דאַרף אים נאָסענען, נאָר פּײַן...

— און טאָמער כאַסוועכאָלילע...

— זאָל ער פּאַרלייגן... ברעכט ער דעם קאָפּ... אַן אַלטער שיקער, אַלע ווייסן...

די בלאָווע אָדערן בא אָקסמאַנען אפֿן האַלדז האָבן געציטערט מיט אַסאַך טינקעלן געדיכטלעכן בלוט. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם שוועבעלע, וואָס יודל האָט אָנגעצונדן בא זיך אין טונקלען קאַמער און ס'האָט אים דורכגענומען אַ גרויל. נאָר ער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. ער איז מאַסקים אָפּ אַלץ. אַבי זיך ראַטעווען.

זיי זײַנען נאָך אַ ווײַלע געזעסן אונטער דער אויסגעקליטשע־טער סטערטע. נאָכדעם איז יאַנקעוו אָקסמאַן גיך, מיט צעטומלטע טריט אַוועק צו זיך אין הויף.

אין קלוגיע האָבן שוין געוואַרט די כוטעראַנצעס. יודל פּיסקון האָט זיך געלאָזט, ווי אַ פוקס מיט דעם פּירײַ אפֿ שוואַרץ־כוטער...

אַ דערשלאָגענער איז יאָסקע שפּעט אינאָוונט געקומען אַהיים. ער האָט שטיל, אין זיך, געשאָלטן דעם טאַטן, ער זאָל זיך אַוועק־לייגן און ניט אופשטיין,—וועט ער דערלעבט זײַן צוגלײַך מיט אַלע פּיאָנערן און וועט אויך אַרויסטרײַבן די שקאַפּע אפֿ פּאַשע.

אין זעמליאַנקע איז געווען טונקל. יודל איז שוין ניט געווען דאָבע איז געשלאָפֿן.

שטילערהייט האָט יאָסקע זיך פארקליבן צו דער צווישן־טיר אין געפרוווט עפענען.

— כ׳ל זי סיַיווי ארויסטריַיבן, זאָל ער נאָר פרווון... כ׳ל אנט־לויפן אין באַלקע צו די פּיאָנערן...

די צווישן-טיר איז געווען אפן פוילישן שלאָס.

יאָסקע האָט זיך ארומגעדרייט איבערן צימער, געזוכט עפעס און מיטאמאָל דערזען יודלס פידזשאַק. אין פידזשאַק־קעשענע זיַינען געלעגן די שליסלען. אפ די שפיץ־פינגער האָט ער זיך אריַינגעכאפּט אין שטאָל, אראָפּגענומען די זאוואלע פון דער ברייטער דרויסן־טיר און זי פאנאנדערגעעפנט.

ס׳איז געוואָרן עטוואָס ליכטיקער, אין ווינקל האָט קוים וואָס געדישעט די שקאפע. יאָסקע איז ארויסגעלאָפן אין הויף, אָנגע־נומען פרישן היי און אריַינגעשלעפּט אין שטאָל. ער האָט זיך דערפילט אסאך גרעסער, ווי ער וואָלט איצט אָפּגעטאָן ביז גאָר א וויכטיקע זאך. נאָכדעם האָט ער זי אָנגעפּויעט מיט אן עמער סיראָוועטקע.

פלוצלינג האָט אין הויף, אנטקעגן דער שטאל, זיך צעסקאווו־טשעט דער הונט. א דערשראָקענער איז יאָסקע ארויסגעלאָפן דורך דער צווישן-טיר, פארשלאָסן זי, צוריק אוועקגעלייגט די שליסלען, ארופגעקראָכן אפן געלעגער און געמאכט זיך, ווי ער שלאָפט.

— זאָל ער וויסן, דער גאזלען, כ׳ל זי סיַי־ווי־סיַי מאָרגן ארויסטריַיבן. זאָל ער נאָר פרווון, כ׳ל דערציילן און פארטיק...—

די געדאנקען האָבן זיך צוביסלעך פארפלאָנטערט, ער איז רויק איַינגעשלאָפן און האָט אינגאנצן פארגעסן, אז ער האָט איבער־געלאָזט אָפן די דרויסיקע שטאל־טיר.

שפעט באנאכט האָט דאָבע זיך אופגעכאפּט. זי האָט זיך גליַיך דערמאָנט אָן יודלען, און דאָס הארץ האָט ווידער אָנגעהויבן נאָיען.

— וואָס האָט זי אים געלאָזט גיין, זײַנע שיינע געשעפטן האָבן איר שוין געקאָסט גענוג הארצווייטעק און שרעק...

אָפּ די גערשטן האָט יאָסקע שטארק געכראָפּעט.

— ער'ט זיך שוין צוגעקילט,— האָט זי א טראכט געטאָן, אראָפּ און צוגעדעקט אים מיטן כעיצל.

## זיבעצנטער קאַפּיטל

אינמיטן דער נאכט האָט עלקע זיך א כידע דערקלײַבן צו מאטוסן אונטער דער זעמליאנקע. זי האָט אָנגעקלאַפּט אין נידעריקן פענצטער.

— מאטוס... מאטוס!...

אין זעמליאנקע האָט עפּעס אָנגעהויבן רודערן און א פרויענ־שטים האָט געבורטשעט.

— רוען לאָזן זיי אים ניט, וואָס האָבן זיי צו דיר... אינמיטן דער נאכט, א האָזע פון א מויד...

עלקע האָט שטארקער אָנגעקלאַפּט.

— גיכער דאָרט... גיכער...

די פרויענ־שטים האָט שטארקער זיך צעשריגן.

עלקע איז אָפּגעגאנגען צו דער קאנאווע. אפן פײַכטן גראָז איז געזעסן קאָפּלדינגער. ער האָט מיד אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ צווישן די קני און אינטערגעדרעמלט.

— ער גייט?...— האָט ער זיך א טשוכע געטאָן און דערפילט א קעלט אונטער דעם צעריסענעם העמד.

ער איז שטארק מיד געווען פון דער ארבעט. יעדן שאבעס האָט אים יאנקעוו אָקסמאן גענומען צו דער ווינטמיל און געגעבן אים דערבאר מעל אף א גאנצע וואָך צײַט. הײַנט האָט ער בא אים געארבעט דאָס לעצטע מאָל, און דעם גאָרטן, ווײַזט אויס, וועט ער שוין אויך מער ניט היטן...

פון הויף האָט זיך באוויזן מאַטוס. ער האָט אויסגעזען שטאַרק אומצופרידן און געסטאַרעט זיך ניט אַרויסצווייַזן דאָס.

— ווו איז קאַפּלדינער? — האָט ער פאַרשלאָפן אַ געניץ געטאָן, און זיי זייַנען אַוועק אַראָפּ גאַס, צו יודל פּיסקונס הויף.

— ער הונגערט טאַקע אויס די שקאַפּע. מע זאָגט, אַז זי שטייט בא אים פאַרשפּאַרט, — האָט עלקע אופגערעגט און מיד גערעדט, — מע ווייס און מע שווייַגט, מע דאַרף אַזוי אַלעמען אייַנזאַלצן...

— אַ מאָשל, וואָס עפּעס, מאַלע וואָס מע רעדט, — האָט מאַטוס פאַרשלאָפן באַטראַכט עלקעס הערטער, — אַבי מע זוכט זיך געשעפטן.

— כ'האָב געזען אָקסמאַנען באַנאַכט אַפּ דעם ברעג... ער איז, דוכט זיך, געווען בא אים, — האָט קאַפּלדינער זיך אומגעקוקט.

— מאַלע וואָס...

— ער איז אַ גאַנצע אַפּוערנאַכט אַרומגעלאָפן, צו דער מיל איז ער אַפילע ניט צוגעטראָטן. ס'איז קיינמאָל ניט אַזוי... קיינמאָל...

— אויך מיר אַ מאָשל...

— זעסט דאָך, זיי האָבן די פאַרזאַמלונג אַראָפּגעריסן.

— מאַלע וואָס...

— הער שוין אויף צו מאַלעגיירען, — האָט עלקע אופגערעגט געזאָגט. — אַרונטערגעריסן די פאַרזאַמלונג, און בא אים איז אַלץ גאָרנישט... אַ גאַנצע נאַכט האָט בא אָקסמאַנען אין הויף די פערדקע געקלאַפּט, זיי שווייַגן ניט, ווי די וועלף זייַנען זיי איצט...

— און וואָס זאָג איך...

— ש־ש־ש־ש... גענוג... — זי איז אַוועק גיכער און פאַרקערעוועט מיט דער סטעזשקע צו יודל פּיסקונס הויף.

אַרום דעם אַרומגעלייגטן הויף איז געווען באַזונדערס פינצטער און שטאַרק שטיל.

עלקע האָט פּאַמעלעך אָנגעקלאַפּט אין דעם איינציקן פענצטערל, וואָס האָט ארויסגעקוקט צום כוטער. קיינער האָט ניט געענט־פערט. שפּעטער א ווײַלע האָט זיך אינעווייניק פאַרהייבן די רעדנע און נאָכדעם האָט זיך אפן שוועל באוויזן דאָבע.

— וווּ איז יודל, מע קאָן אים?..— האָט עלקע געלאָסן זיך אָפּגערופן.

דאָבעס האָט זיך פריער פון שלאָף אויסגעוויזן, אז יודל קלאַפּט, זי האָט דערזען זיי און איז צעטומלט געוואָרן.

— יודלען... ער איז ניטאָ... ער איז אָקאָרשט אוועק דאָ צו... עפּעס אנטלייען איז ער אוועק...

— צו וועמען, זאָגט איר, איז ער אוועק?—האָט עלקע טרוקן איבערגעפרעגט.

— וואָסי, וואָס דאַרפט איר אים אזוי?... מאָרגן וועט ער אליין קומען צו אײַך, כ'ל אים צושיקן... גאַנץ פרי וועט ער אליין קומען... ווער גייט דאָס באנאַכט?...

— מיר דאַרפן אים אפן אָרט האָבן, אָט שוין...—האָט קאָפּל־דינער פאַרקאַטשעט די ליפּן,—מיר קאָנען אים, היינט איז ער דאָ און מאָרגן אפ דער פור ערגעץ מיט א נײַער שקאַפּע...—ער האָט שוין היפּש ציים געטראָגן אפ יודלען א הארץ, און איצט האָט ער געציילט, אז ער קאָן אים אָנקוועטשן.—דערלאַנגט אים אהער און פאַרטיק!...

— וואָסי,—האָט דאָבע זיך אָנגעהויבן טרייסלען,—וואָסי, איר'ט געזען אָקאָרשט, יודל האָט נאָך דערווײַל דיך ניט באגאַנוועט... קיינער לויפט ניט... איר'ט געזען!... באנאַכט קלאַפּט מען צו יענעם אין פענצטער, צייט כ'לעב. גייט זיך אײַך, גייט...

עלקע איז אָפּגעגאַנגען אָנאַזייט.

— איר'ט אים זאָגן, ער זאָל מאָרגן קומען צו אונדז, און איצט, זייט אזוי גוט, עפנט אונדז אויף די שטאַל...

דאָבע האָט דערציילט, ווי א קעלט האָט ארומגעכאַפּט איר לײַב, פאַר די אויגן האָבן בא איר דורכגעשווינדלט די אָפּגעשונדענע פעלן אפ די קראָקוועס און די אויסגעהונגערטע שקאַפּע.

— וואָסי, וואָסי, זאָגט, וואָס הייסט... כ'האָב ניט דעם שליסל... גייט זוכט אים... ברעכט ער דעם קאָפּ... די טיר וועט איר בא מיר ניט ברעכן, כ'ל מאכן א גוואלד, אָן אים וועט איר גאָרנישט ניט טאָן, אָן דעם באלעבאָס...

עלקע האָט מערניט געוואָלט הערן. זי איז אוועק צו דעם שטאל.

— גיט איר דעם שליסל, איז גוט, ווען ניט, וועלן מיר זיך אליינ ספראווען. קאָפּלדינער...—האָט זי א רוף געטאָן.

ווען זיי זײַנען צוגעגאנגען, איז די ברייטע שטאל-טיר געווען פאנאנדערגעעפנט.

עלקע האָט זיך איבערגעקוקט מיט קאָפּלדינערן, ווי ס'וואָלט זי שטארק פארוואונדערט. זי איז פאָרזיכטיק ארײַנ אינ שטאל. קאָפּל-דינער איז געגאנגען נאָך איר, ער האָט אָנגעצונדן א שוועבעלע. די שטאל איז געווען פוסט.

— ווו איז די שקאפע?...—האָט עלקע זיך ארומגעקוקט. קאָפּל-דינער האָט זיך געפילט עפּעס מאָדנע, דער גאנצער האס איז געבליבן אינגווייניק, אונ ער האָט דאָס איצט ניט וווהינ אויסצו-שפּײַען. דאָבע האָט געציטערט. זי האָט אליינ ניט געוווּסט, וואָס מיט דער שקאפע איז געשען אונ ווער ס'האָט געעפנט די שטאל.

— די שקאפע איז... זי איז אפ פאשע... אינ באלקע מיט יודלען, אוי ווײ איז מיר, כ'האָב גאָר פארגעסן...

מאטוס איז געווען צופרידן. ער האָט דאָך פריִער געזאָגט, אז מע בויטעט אומזיסט דעם כוטער, וואָס וויל מען פונ יודלען, אז אומעטום וויל מען ארופציִען א טראסק מיט באלעגופים...

ווען זיי זײַנען אוועק, האָט דאָבע פארקליבן זיך טיף אונטער דער קאָלדרע. ס'האָט זי געוואָרפן-פונ קעלט.

— דער אומגליק אפ אים, ווו האָט זי געקאָנט אהינקומען, די פעגירע... מע האָט שוינ געמאסערט, אוי, ייִדן...

אנטקעגן אפ די זעקלעך איז געשלאָפן יאָסקע. ער האָט שטארק געכראָפּעט אונ עפּעס געבורטשעט פונ כאָלעם. עפּשער

האָט זיכ אימ געכאָלעמט, אז ער פאשעט איצט מיט די פיאָנערנ אינ דער באלקע די פערד...

אונ די שקאפע, וואָס איז אליינ ארויס פונ דער שטאל, האָט זיכ געפאשעט דאָ, הינטער דער זעמליאנקע.

אפ צוריקוועגס האָט מאטוס געהאלטנ אינ איינ בורטשענ.

— מע שלעפט זיכ אינמיטנ דער נאכט, מע וועקט מענטשנ, — וואָסי, מײַנ אייגנ ווײַב איז ניט גערעכט? וואָס ברענט דאָ?

— נו־נו, — האָט עלקע אימ ניט געלאָזט ריידנ. זי האָט זיכ געפילט שטארק מיד אונ ס'האָט זי געצויגנ צו דער ערד, אָט אזוי א וואלגער טאָנ זיכ, אויסציִענ זיכ אינ גראָז אונ אנשלאָפנ ווערנ, כאָטש דאָ אינעמ פרעמדנ פאָליסאדניק...

— סע גלויבט זיכ ניט... נאָר מע רעדט דאָכ, — האָט מאטוס זיכ א קראצ געטאָנ. — דער פארטיי־קאָמיטעט רופט דאָכ ניט גלאט אזוי... אימ איז איצט ווידער געקומענ אפנ געדאנק, אז כאָנצע פאסט ניט פאר א פאָרזיצער, אונ דערמאָנט זיכ וועגנ זײַנ אייגענער ארבעט אינעמ נישטיקנ קאָאָפּעראטיוו. דער געדאנק האָט אימ שוינ לאנג געמאטערט.

— ווער רעדט? וואָס קעלבסטו זיכ? רייד ווערטער!

— ס'איז ניט וויכטיק ווער, כ'האָב לאנג געזאָגט, ביז כאָנצע וועט קאָמאנדעווענ... — אונ ער האָט פארקערעוועט צו זיכ אינ הויפ.

## אכצנטער קאפיטל

דער סטאוואָק האָט זיכ געבויטעט פארטאָגיק־קיל. פונ די שיטערע טשערעט האָט זיכ געטראָגנ א געדיכטער ווײַסלעכער נעפל אונ געצויגנ זיכ צו די הולײַפּאָליער מאָהילקעס. נאָרוואָס איז די זונ אויסגעוואקסנ איבער די נאָזארעוויטשער באשטאנענ אונ מיט ראָזע פרימאָרגנדיקע פלעקנ געפאלנ אפ דער ווינטמיל.

אפנ ברעג כוסער נעבנ דער ווינטמיל איז געשטאנענ א טומל.. יאָנקעוו — אָקסמאַנ האָט זיכ ארומגעדרייט א באָרוועסער, א דער־

שלאָגענער מיט גאָכשלעפּנדיקע ווייַסע שנירלעך פון די גאַטקעס, ארופגעהויבן זיך אלע ווייַלע אַף די צעטרייסלטע הילצערנע טרעפּלעך פון דער ווינטמיל און געבורטשעט.

— ווער זאָל זיך גאָר דאָס ריכטן... אזויפל יאָרן, אזויפל יאָרן אָפּגעשטאנען, אזויפל יאָרן אָפּגעדינט... אויס, אויס מיל... אויס...

אפן זאמדיקן באזוניקטן בערגל האָבן זיך געקליבן כוטעראַנ- צעס, פארהייבן די אויגן אַף דער אלטער ווינטמיל און פריי- מאָרגנדיק געקראַצט זיך.

— אָט פונקט געקליבן זיך אביסל דעכט אָפּמאָלן...

— אַן אלטע פאדלע, אז קוים וואָס זי האָט געדיכעט...

— אז דער אלטער פערד פארלאָזט זיך אַף אים, — האָט כיענע געשריִען, — געלאָזן א פּרעמדנ מענטשן אליין, ווייַ איז מיר!...

— גענוג צו שרייַען, — האָט יאנקעוו אָקסמאַן זיך געבעטן, — פארפאלן... באַשערט א העזעק... וואָס איז ער שולדיק, וואָס שרייַסטו, ייִדענע?... ווי מיט דער ווינטמיל, אזוי אָן דער ווינטמיל, דער זעלבער קאפּצן, דאנקען גאָט...

— זעט סארא ראכמאָנעס אַף אים, — האָט עמעצ אונטערגע- שמייכלט.

— ווער האָט א גראָשן...

— זאָל ער אויסגראָבן די ווייץ, זאָל ער אויסגראָבן!...

— אזא מאקע אים...

אָקסמאַן האָט זיך ארומגעדרייט אַף די טרעפּ און ניט אייַנגע- הערט זיך. כיענע האָט נאָך אלץ געשריִען און געשאָלטן אים מיט ביטערע קלאָלעס.

הינטער די גערטנער, צו שווארצ-כוטער צו, האָט זיך אַף דער טאלאָקע באוויזן יורל פּיסקון. ער איז קאָנטיק געגאנגען מיטן הויכן קוריי. מיטאמאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, זיך צוגעקוקט אהער, צום זאמדיקן בערגל, און פארקערעוועט מיטן קוריי ארום כוטער.

די כוטעראנצעס האָבן אים דערזען און אָנגעהויבן פּייַפן.

— ע־ע־ע־עי!...

ער האָט זיך באלד פארקליבן טיפער אין דעם קוריי און ניט געסטײַעט...

דאָס זאמדיקע בערגל איז באלד געבליבן ליידיק. די כוטעראנ-צעס זײַנען זיך איינציקווײַז צעגאנגען. בא דער ווינטמיל איז געווען עטוואָס סומנע.

יאנקעוו אָקסמאנ איז א באָרוועסער געזעסן אפ די אונטערשטע טרוכליאַווע טרעפלעך און אומרויִק זיך געצויגן דאָס אויסגע-קראָכענע בערדל.

— וואָס שלעפט ער זיך מיט דער זון, — דער שטיק גאנעוו, — האָט ער מיט ווייטעק געטראכט וועגן יודלען, — ניט געקאָנט אָנ-שפארן צוריק מיט דער נאכט... — ער האָט דערפילט א שרעק, וואָס ער האָט זיך פארטשעפעט מיט יודלען, — ער קאָן נאָך אפן פײַער ארופברענגען.

יאנקעוו אָקסמאנ האָט פון צײַט צו צײַט בוילעט דערפילט, אז ביז איצט איז געווען איין וועלט, א רויִקע און גוטע וועלט, א שיינע, וועלט פון זײַנע זיידעס, פון זײַן גווירישער מישפאָכע, א שיינע לאמדאָנישע וועלט מיט א גלויבן אין גאָט, און איצט האָבן די באָלשעוויקעס צעבראָכן די אמאָליקע גליקלעכע וועלט, אפ טיל-טעל צעשטויבט און קאָרטשעווען אויס די לעצטע וואָרצ-לען... ער האָט געפילט, אז מע דארף זיך ראטעווען, מע דארף אנטלויפן כאָטש מיט דער נעשאָמע, נאָר וווּהין אנטלויפט מען, אז זיי זײַנען דאָך אומעטום, די נאהײַצעס?...

ער האָט אביסל אופגעהויבן דעם מאָגערן האלדז און דערזען די פליגלען, וואָס האָבן זיך עטוואָס געטרייסלט מיט די אראָפגע-האנגענע שמאטעס.

— זאָלן זיי זי איצט נעמען... זאָלן זיי זיך שלעפן מאָלן אין יאניסעל... זיי וועלן זיך נאָך בא מיר בעטן... נישקאָשע, ס'איז נאָך ניט עק וועלט, מ'וועט ניט שווײַגן, די וועלט וועט ניט שווײַגן...

ער האָט זיך אָן עפּעס דערמאָנט און געבליבן צופרידן פון זיין אייַנפאַל.

נעכטן האָט ער, ווי אַלע שאַבעס, אוועקגעשטעלט בײַ דער מיל קאָפּדינערן. באַנאַכט, ווען קאָפּדינער איז אוועק פון דער מיל, שפּעט נאָכדעם, ווי ס'האָט זיך פאַרענדיקט די אַסיפע בײַ אים אין דער קלוניע, האָט ער זיך פאַרגאַנוועט צו דער מיל, אַרויסגענומען די אינעווייניקסטע שרויפן און איבערגעלאָזן די פאַבריקע, די צעבראָכענע. די גאַנצע שרויפן, וואָס מע קאָן זיי גאָר אין דאָ אין געגנט ניט קריגן, האָט ער פאַרשטעקט אין קלוניע אונטער די שטרוי...

— וואָסי שייַעכ, אייגנס דאַרף מען גאַנוענען, — האָט ער צוגע-שאָקלט דערשלאָגן מיטן קאָפּ — מיין מיל דאַרף איך מיט מיינע הענט ברעכן. איך וועל זיי מיין גוטס, מיין גוטס ניט אָפּגעבן... — ער האָט זיך אָנגעכאַפּט באַם האַרצ און שטאַרק פאַרהוסט זיך. — עכ, ניט דער אַמאָליקער קויעכ, ניין, ניין, ניט די אַמאָליקע וועלט... ניט דער אַמאָליקער כוטער...

ער איז געבליבן זיצן אויף די אונטערשטע אָפּגעריבענע טרעפּ-לעך פון דער צעבראָכענער ווינטמיל. אַמאָל איז דאָ אויף די טרעפּלעך געזעסן ראַכוועסדיק רעב מאָרדכע, זיין טאַטע. אַלע פאַרנאַכט פלעגט ער אויף די טרעפּלעך מיט דער מישפּאָכע טרינקען הייסע קאַווע און געמיטלעך שמועסן וועגן די קאָהעלשע איניאָנים, וועגן כוטער.

גאַנצענע פאַרנאַכטן פלעגן זיי רויִק פאַרברענגען אויף די טרעפּ-לעך פון דער אייגענער איינציקער ווינטמיל אויפן כוטער, צוגע-הערט זיך, ווי סע דרייען זיך די פליגלען, ווי סע מאָלן די מילשטיינער און ווי סע טאַפּטשעט זיך דאָרט אַרום דער כלאָפּ, וואָס האָט היפּשע צענדליקער יאָרן בײַ זיי אָפּגעאַרבעט... דאָס וועט זיך שוין קיינמאָל ניט אומקערן, זיי האָבן דאָך אַלץ צעטראָטן מיט די ניס... נאָר ער וועט זיך ניט לאָזן צע-טרעטן!...

— מע דארף זיך גאָר צוכאַפּן צו יודלען, מעקוי... יענעם איניען,—האָט ער א טראַכט געטאָן און צעטומלט אוועק צו זיך אין הויז.

פון רויטן ווינקל איז ארויס מאטוס. אים איז אנטקעגן פון צאָמבער-בערגל אָנגעגאנגען יודל, אויסגעשלעפּט א פאפּיראָסן-פעקעלע און אונטערגעטראָגן מאטוסן.

— ווו זײַנען זיי... פאַרויכער. וואָס האָסטו מיך געדאַרפט באַנאַכט? פונקט, פאַרשטייסטו מיך...

מאטוס האָט פויל גענומען דעם פּאַפּיראָס און פאַרויכערט.

— גאָרניט, אזוי זי...

— כ׳מיין, דאַכט זיך, ווער, ווער—נאָר דו?... אדרבא... דאָ זײַנען ניטאָ קיין אָבידעס... זעסט דאָך, פונקט געפּאַשעט די שקאַפּע, געהאַרגעט זאָל זי ווערן, קוים וואָס זי דיכעט...

מאטוס האָט געשוויגן.

— נו, וואָס הערט זיך, מיר שפּאַנען זיך?...

מאטוס האָט געקוקט פונדערווײַטן אף דער ווינטמיל מיט פאַר-לאָפּענע מידע אויגן, ווי ער וואָלט וועגן גאָרנישט ניט געטראַכט.

— דו ווייסט ניט, זיי האָבן שוין פאַרשריבן מיך?... אז די שקאַפּע האַרגעט מיך אוועק, איך ווייס דאָך אפריער, אז זי וועט פּייגערן, סע גייט ניט און פאַרטיק...

אראָפּ הרעבליע האָט זיך באוויזן א וואָגן. אינמיטן כוטער נעבן סימכע בערעזינען האָט דער וואָגן זיך אָפּגעשטעלט און אָנגעפויעט די פערד באַם ברונעם. באַלד האָט דער וואָגן פאַר-קערעוועט מיטן קאָוואַלעווסקער וועג און פאַרשוווּנדן.

אין כוטער איז פאַרבליבן א קלאַנג,—סימכע בערעזין האָט דעם קלאַנג פאַנאַנדערגעטראָגן.

די יאַניסילער, זיי זײַנען דאָך שוין קאָלעקטיוויסטן, זיי וועלן דאָך שוין ניט לײַגן, האָבן זיי דערציילט, אז אין ראַיאָן, בא זיי דאָרט אין קאָמיטעט, האָט מען אים געפּאַקט, כאָנצעג...

די רעדלעך האָבן זיך געשפּאַרט און יעדערער האָט צוגעלייגט אַן אויער.

— זיי האָבן דאָרט אַליין געהערט, אַז ער האָט הונדערט פּוד ווייץ אַרויסגעשלעפּט פון אַמבאַר, אויסקרענקען זאָל ער אונדזער בלוט. זי מעג זיך שווין, דאַכט זיך, אויך פאַרגעמען פונדאַנעט, די קאָוואַלעווסקער...

— האָדיע?...

— האָדיע?!—האָבן די כוטעראַנצעס ניט געגלויבט.

— וואָס מיינט איר, אַז בא דער סאָוועטסקער וולאַסט איז העפּקער פּעטרעשקע,—האָט סימכע בערעזין זיך געהיצט,—די סאָוועטסקע וולאַסט וועט אַזעלכע זאַכן ניט דערלאָזן...

פון דער יעדיע, וואָס די יאַניסילער פור האָט געבראַכט, אַז דער פּאַרטיי־קאָמיטעט האָט זיך טאַקע גענומען פאַר דעם אייסעק, האָט יאַנקעוו אָקסמאַן דערפילט א שטאַרקע אומרויִקייט, האָט פאַרגעסן נעמען דאָס שטעקל און איז א צערודערטער אַוועק צו סימכע בערעזינען.

## ביינצנטער קאַפּיטל.

מיטן טאַבונ איז שעפטל קאָבילעץ געקומען פון סטעפּ.

ער האָט אַריינגעטריבן די פערד אין שטאַל, פאַרדרייט א מאַבאָרקע־ציגאַר און זיך געלאָזט אין גאַס, צום רויטן ווינקל.

ניט ווייט פון כעמע טראַסקונס קאַנאַווע האָט ער באַמערקט עלקען. זי האָט אים קאָנטיק דערזען, אַרויס א פּאָר טריט נעענטער צו דער גאַס און געקוקט אים אַנטקעגן, גלייך ווי זי וואָלט וואַרטן אַף אים.

ס'איז אים געוואָרן שווער דער אָטעם, און מיט צעטומלטע שווערע טריט האָט ער פאַרקערעוועט צו איר.

נעכטן איז ער א גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן.

... א גאנצע נאכט האָט ער זיך געוואלגערט אינעם הויכן וואָגן, וואָס שטייט בא אים טיף אין הויף פארוקט, א גאנצע נאכט איז ער אָפּגעלעגן פארנורעט דעם קאָפּ אין די גערשטן־שטרוי. —

און מיט א פארטײַעטער האנאָע געטראכט: — ווען זי גייט אוועק פאר אים, נעמט ער זי גלײַך צו זיך אין הויף ארײַן און פאר־פירט די עמעטע באלעבאטישקײַט.

ער האָט דעם קאָפּ טיפער אין די שטרוי ארײַנגעשטופּט און דערפילט א פרייד ערגעץ אינווייניק, ווי פון א גוטער גערעטע־ניש. ער האָט צוגעמאכט אין דרעמל די אויגן און ס'האָט אים געדאכט:

... ווינטער. שעפטל, ארומגעקוטעט אינעם אלטן פעלץ, וועט אָנטראָגן בוריאַן אין פּאָרהויז, טרוקענעם בוריאַן און פרישע פלאָווערדיקע שטרוי, א שמײַסנדיקע זאווייע וועט דרייען אין הויף, איבערן כוטער, איבערן סטעפּ און וועט סקאווייען אין קוימען ארײַן. ס'וועט שיטן און טראָגן מיט שניי אף די שליאכן און שמײַסן די פארקאָוועטע פענצטער. איבערן גאנצן סטעפּ, איבער די הולײַפּאָליער מאָהילקעס און איבער דער קאָוואלעוו־סקער באלקע וועט ווייען און דרייען די זאווייע און וועט פאר־שיטן די כוטעראנישע זעמליאנקעס. און ער, שעפטל קאָבילעץ, וועט אין שטוב אראָפּוואַרפן דעם פעלץ מיט די שנייִקע וואָלי־קעס און וועט זיך א באָרוועסער אויסציִען אף די שטרוי נעבן דער הרובע און שטאָפּן דעם בוריאַן אין דער הרובע ארײַן. די ווייצן־שטרוי, דער טרוקענער בוריאַן וועט זיך מיט א רויטן שטארקן פלאם אָנכאפּן, קנאקן און טרעשטשען מיט היץ. און ס'וועט פאלן א שטילער הייסער גלאנץ פון דער הרובע, איבער דער זעמליאנקע.

... פון שטרוי שמעקט מיט פלאָווע, פון שטאל טראָגט זיך דאָס מעקען פון דער בעהימע, דאָס הירזשען פון די בולאנע, און אף דעם גוט־ארומגעדעקטן בוידעם קוואָקען די הינער, זײַנע

טויבן וואָרקען אויפן בוידעם... און אין זעמליאנקע בא אים שפּאַרט מיט וואַרעמקייט. עלקע וועט נאָכדעם אָפּרעגלען א פּולע סקאָוואָראָדע מיט קערלעך אויף בוימל, זיי וועלן זיצן אויף די שטרוי און קנאַקן, און איבערוויסן איבער שנייִקע קאַנאַווע און אַרומגעפּרוירענע סטויגן ווייעט און דרייט די זאַווייע און פאַר־שיט די וועגן, און שיט אין די אָפענע סטרעכעס פון די אנטקעגנדיקע זעמליאַנקעס. נאָר שעפּטל קאָבילייעץ אַרט דאָס ניט, זיין הויף איז אַרומגעצאַמט פון אַלע זייטן, זיין זעמליאַנקע איז אויסגעהייצט, און ער מיט די פערד, מיט די בעהיימעס זיי־נען אויפן גאַנצן ווינטער מיט פאַשע באַזאָרגט. וואָס־זשע דאַרף ער נאָך, וואָס דאַרף נאָך שעפּטל קאָבילייעץ.

נאָר דאָס אַלץ האָט זיך אים אויסגעדוכט דערמאָלט אויפן וואָגן.

— איך האָב דיך געזוכט,—איז עלקע אים אנטקעגנגעגאַנגען,— כ'דאַרף מיט דיר...

שעפּטל איז געבליבן שטיין אנטקעגן איר א פאַרלאָרענער.

די פּאַטליעס שטויביקע האָר זיינען אים געדיכט איבער דעם נידעריקן שטערן געפאַלן. ער האָט ניט באַמערקט, אז דער מא־כאָרקע־ציגאַר האָט שוין לאַנג געהאַט זיך אויסגעלאָשן, און אַלץ אים געזויגן.

זיי האָבן דורכגעשניטן דעם פּאָלין אין הויף און זיינען אוועק הינטער דער זעמליאַנקע.

זי האָט א שמייכל געטאָן און א פאַטש געטאָן אים איבער דער האַנט.

— וואַרף אוועק, ס'רויכערט דאָך ניט...

שעפּטל איז רויטלעך געוואָרן און אוועקגעוואָרפן דעם ציגאַר. אים האָט גלייך פאַרדראָסן.—אַן אַווייִרע, מע האָט נאָך געקאָנט דערויכערן...

— כ'האָב געוואָלט מיט דיר ריידן,—האָט זיך עלקע צו אים נעענטער צוגערוקט,—דו פאַרשטייסט... שעפּטל...

ער האָט געקוקט אביסל אָן א זײַט, צו זײַן הויפ־צו און שווער געטעמט.

— נו, וועסט גײן מיט אונדז?..

שעפטל האָט זי אָנגעקוקט עטוואָס פארוווּנדערט.

— מיט דיר?..

— מיט אונדז... מיט מיר... און מיט נאָך, מיט כאַנצען...

— וווּהין?..

— אין ארטעל, אין קאָלעקטיוו... דו האָסט פערד, און מיר... זיי האָבן קיין פערד ניט, צוואמען וועלן מיר...

די אויגן האָבן זיך בא שעפטלען אָנגעגאָסן ביז צום פלאצן,

— אין קאָלעקטיוו?

— אין קאָלעקטיוו...

ער האָט פארביסן די ברייטע ליפן און מיטאמאָל זיך א ריס געטאָן פון אָרט.

— מײַנע פערד וועלן אפ כאַנצען ניט ארבעטן.. מײַנע בור־לאנע... האָדיע... ער האָט זיי דערווײַל ניט געהאָדעוועט? דער נאהײַעצ!..

— שא,—האָט אים עלקע אָנגעכאפט פאר דער האנט,—ש־שא..

— פאר מיר איז כאַנצע קיין שפאָן ניט. איך וויל אפ קײנעם ניט הארעווען,—האָט ער זיך אלץ געהיצט.

— ווער איז פאר דיר יאָ א שפאָן?..

— דו...

— ווער?—האָט זי געשמייכלט,—ווער?..

— מיט דיר... אליין קאָן איך אפן סטעפ ניט ארבעטן, דער סטעפ האָט ליב הענט, שווייס דארפ די ערד, און איך האָב נאָר צוויי הענט. אינײנעם, אָט האָבן מיר...—ער האָט געפילט, אז אין מויל איז אים שטארק טרוקן געוואָרן.

— מיט פיר הענט, זאָגסטו, איז גרינגער?

— מיט פיר הענט איז אנדערע ווערמער... וועסט זען, מיט פיר הענט... הו...

— און מיט צען, מיט צוואנציק, מיט הונדערט הענט?!

ער האָט זיך א כאפ געטאָן.

— מיט צוואנציק, מיט הונדערט, האָדיע!.. האָדיע, איך בין אליין באלעבאָס, ס'איז מײַן ערד, כ'דארף ניט קיין באלעבאטים אף זיך, איך בין באלעבאָס אף מײַן ערד, כ'דארף די אייגענע הענט, מײַנע און דײַנע...

— ווי דו ווילסט. אַט וועלן מיר מאָרגן ברענגען דעם טראַק-טער, מיר וועלן אן ארבעט-טאָן מיט הונדערט הענט, און ס'וועט א הודיע טאָן.

— ווער דארף א טראַקטער, וואָס איז מיר שלעכט מײַנע בו-לאנע, טשעפּעט נאָר מיך ניט...

עלקע האָט מיט די ברייט־פאנאנדערגעעפנטע אויגן געקוקט אף אים. א קיל ווינטל האָט עטוואָס געפּאָראָשעט אירע בלאָנדע האָר און געשארט זיי איבערן קײַלעכדיקן הויכן שטערן.

— אף דײַנע שקאפּעס וועסטו ווײַט, דאכט זיך מיר, ניט פאר-פאָרן, מירן דאָ ענדערן דאָס דאָרף, אז דו וועסט דאָס אליין ניט דערקאָנען. נאָך א יאָר, דו וועסט זען, שעפּטל...

— כ'ל ניט גיין... אז ס'טויג מיר די גאנצע כודאָבע אין דר'ערד, אז ס'איז ניט מײַנס, איך גיי ניט און האָדיע!.. כ'דארף מײַנס, אז איך זאָל וויסן!.. מײַנע מעזשעס וועל איך ניט פאר-אקערן און האָדיע!.. — האָט ער אָפּגעשניטן.

— אָ, ווי ס'רעדט פון דיר...

שעפּטל איז געזעסן מיט אראָפּגעלאָזטן קאָפּ און שווער גע-סאָפּעט. ער האָט איצט פלוצלינג דערפילט, אז זי איז אים גוואל-דיק פרעמד, אז זי פארשטייט אים ניט...

... צייט ער לעבט האָט שעפטל קאָבילעצ געטראַכט וועגן אַן אייגענעם ארומגעצאַמטן הויף, מיט אַ פּאָר אייגענע שקאַפעס, מיט הינער, מיט אַן אייגענער באַלעבאָסטע... שוין וויפל יאָר, ווי שעפטל שלעפּט אַלצ צו זיך אין הויף אַריין, ווי אַ מוראַשקעלע אין נאָרע. ער האָט בוילעט געזען, ווי זיין הויף וואַקסט, עס ווערן צוביסלעך פולער די שטאַלן און די קלוניע...

צי ווייס זי, עלקע, אַז ווען אַרום ווייען און דרייען די ווינטן, איז באַ אים אין דער זעמליאַנקע ליכטיק און וואַרעם? אַז ווען ס'גיסט און ס'פליוכעט איבער די דעכער, איז באַ אים טרוקן און ריין?..

איז זי אַריינגעלאָנגען אַ קוק טאָן. כיי וואָלט זי געזען, — ווען באַ אַלעמען האָט גענעצט און געשמיסן דער רעגן דורך די אָפענע סטרעכעס, איז באַ אים, באַ שעפטל קאָבילעצ, שטענדיק געווען טרוקן און וואַרעם און שטיל. וואָס האָבן זיי צו אים, זיי ווילן אַרופטרעטן אַף זיינע מעזשעס. ווייס זי, אַז דאָס איז זיין לעבן?.. וויל זי, הייסט דאָס, צונעמען דאָס לעבן באַ אים, די פערד, די ווייץ, די ערד...

— כ'גיי גיט! . הארגעט מיך... כ'ל זיך לייגן אַף מיינע מעזשעס און האָדיע! שניידט מיך, אָבער מיט איר צוזאַמען און קאַפוט!.. מיינע ערד וועל איך ניט אָפּגעבן!..

— וועסטו ניט גיין איצט, וועסטו שפּעטער קומען, — האָט זי קאַלט אַ שמייכל געטאָן, — כ'האָב געמיינט, ביסט אַ יאַט...

— ביסט אַ קלאַדאָווע... פו, ווי טוכלע... זע, ווי ס'וויען די הינט!..

— האָט עלקע זיך פּלוצלינג אַ כאַפּ געטאָן באַם האַרצן. ס'האָט איר עפעס מיטאַמאָל אַ קלאַפּ געטאָן אַ שלעכטער געפיל וועגן כאָנצען. זי איז אופגעשפּרונגען און אַרויסגעלאָפן צו דער קאַנאַווע.

— שעפטל! שעפטל!

אַנטקעגן, איבער דעם קאָוואַלעווסקער פּלאַנטאַזש, איז דער הימל שטאַרק רויט געווען. ס'האָבן דאָרט ווייט ערגעץ געוויעט הינט.

— שעפטל, סע ברענט, סע ברענט קאָוואַלעווסק! — זי האָט זיך געלאָזט לויפֿן איבער דעם באַנאַכטיקן כוטער און פֿאַרשטיקט געשריִען — סע ברענט... וואַסער... וואַסער!..

דאָס פֿײַער האָט זיך קאָנטיק געהויבן אַלץ העכער און צעגאָסן אַ שטאַרקע רויטקײַט איבער דער קאָוואַלעווסקער זײַס הימל.

אַנטקעגן זאַהאָן האָט עלקען אָנגעיאָגט קאָפּלדינער. ער איז געריטן אַף יאַנקעוו אָקסמאַנס וואָראָנאָי. ער האָט זי אָנגעכאַפּט פֿאַר דער האַנט און אַרופֿגעצויגן צו זיך, פֿונהינטן.

דער וואָראָנאָי האָט זיך געלאָזט אין גאַלאָפּ.

— וואַסער... סע ברענט!.. דער קאָלעקטיוו ברענט!.. האָט עלקע נאָך אַלץ געשריִען.

פֿון די זעמליאַנקעס זײַנען אַרויסגעלאָפֿן האַלב־אויסגעטאָנענע כוטעראַנצעס, אַרומגעקוקט אומרויִק די הויפֿן, צי ס'איז אַלץ אין אָרדענונג, און באַלד רויִק געבליבן שטיין בײַ די פֿאַליסאַדניקעס מיט פֿאַרהייבענע קעפּ.

—

שעפּסל קאָבילעץ איז געקומען צו לויפֿן צו זיך אין הויף אַרײַן אַ צעטראָגענער. אין הויף איז געווען שטיל. ער האָט רויִק אָפּגעאָטעמט און איז צוריק אַרויס צו דער קאַנאַווע.

— אַהער וועט דאָס פֿײַער נית דערלאַנגען. אוי ווי סע פֿלאַקערט, — האָט ער מיט פֿאַרגעניגן געקוקט אַף קאָוואַלעווסק. — זאָל זי ברענען כאָטש ביז מאָרגן. — ער איז געשטאַנען בײַ דער קאַנאַווע און געפֿילט, ווי הינטער זײַנע פּלייצעס שטייט אַן אַרומגעצאַמטער זײַן הויף, אַלץ, אַלץ איז דאָרט אין אָרדענונג, אַ דערפֿילט עפּעס אַזאַ איניווייניקסטע פֿרייד, אַזאַ גרויסע פֿרייד אוי, ווי עס פֿלאַקערט, — האָט ער נאָכאַמאָל אַרויסגעשטאַמלט.

אין כוטער האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ טומל. כעמע טראַסקון איז געלאָפֿן איבער די הויפֿן, געשלעפּט פֿערד פֿון די זאַהאָנעס און דייזשקעס וואַסער און געיאָגט אַף קאָוואַלעווסק.

איבערן כוסער האָט זיך געטראָגן אַן אומרויִקער געשריי. די הינט האָבן געבילט. פון די קאַנאַוועס האָבן זיך איבערגעשריִען די ווייבער.

נעבן יאַנקעוו אָקסמאַנס און סימכע בערעזינס הויף איז געווען שטיל. די פענצטער זיינען, ווי שטענדיק, געווען פאַרהאַנגען, און קיינער איז ניט אַרויסגעגאַנגען פון שטוב.

— אַן אַוויירע, מ'האָט זיי געדאַרפט אויפוועקן, וואָלטן זיי כאָטש געהאַט אַביסל פאַרגעניגן, — האָט עמעצער געלאַכט.

— נישקאָשע, זיי שלאָפן ניט...

דאָס פייער איז אַלץ געוואַקסן, ווי עס וואָלט ווערן אַלץ נעענטער און נעענטער.

פון ברעג כוסער איז אָנגעקומען יודל פיסקון.

— יידן, לאָמיר עפּעס טאָן... ראַטעווען... ווו זיינען זיי?.. סע ברענען דאָך יידן...

פון אַרומיקן סטעפּ האָט זיך דערטראָגן אַ גערודער און אַ קלאַפּעריי פון אַקסן. פון די אַרומיקע כוטערס האָט מען געטראַסקעט אַפ קאָוואַלעווסק.

— ווער לויפט? — האָט יודל געשריִען, — יידן, ווער זעט ס'ווערט, דאַכט זיך, גרעסער? האַ, גרעסער?!

שעפּטל איז געשטאַנען בא זיין קאַנאַווע און געשוויגן. ער האָט ניט אַראָפּגענומען די אויגן פון דער פרייפע און געפילט, אַז אים איז איצט אַזוי גוט... זיין זעמליאַנקע שטייט אַ גאַנצע, אַלץ איז אין אָרדענונג, און דאָרטן ווערט דאָס פייער אַלץ גרעסער און גרעסער. געוויס, מע זעט דאָך, אַז עס ווערט גרעסער, דער הימל ווערט אַפילע רויטער...

אין יאַניטילער כוטער ערגעץ האָט אומרויִק געקלונגען אַ פאַרזשאַווערטער קלויסטער־גלאָק, וואָס דינט איצט פאַרן קאָלעקטיוו, און פון קאָוואַלעווסק האָבן זיך געטראָגן אַהער שוואַרצע סטייעס שטיבלעך.

# צוואנציקטער קאפיטל

אין רייפארטקאם האבן אן אויפהער געקלאפט די רויט־אפגע־פארבטע טירן אינעם לאנגן און שמאלן קארידאר. כאנצע איז אן אומרויִקער צוגעגאנגען צום קאבינעט פון סעקרעטאר פונעם פארטקאם און געפילט, אז אט־אט פלאצט בא אים דאס הארצ־ער_איז, דאכט זיך, פון כוסער ארויס א גאנץ רויִקער, נאר וואס ווייטער ער האט זיך דערנענטערט אהער צום ראיאן, צום פארטיי־קאמיטעט, צום סעקרעטאר, האט ער געפילט אלץ א שטארקערע אומרויִקייט, און דאס הארץ האט געשלאגט שטארקער און שטארקער.

— איז וואס הערט זיך, — האט איוואנאוו אים דערזען, זיך ענגער אריינגעזעצט אין בענקל און א־ומגענומען די גרויליכע הענט באַ שטערן מיט די הענט, ווי ער וואלט זיך וועלן עפעס דערמאנען: — סע שפאלט זיך דער קאפ, א גאנצע נאכט א־ומגעטראכט. דערציילט, דערציילט... ערשטנס, וואס איז מיטן קאלעקטיוו?..

כאנצע איז צוגעגאנגען נעענטער, זיך אנגעשפארט אן טיש און אנגעהויבן דערציילן. נאר ער האט געפילט, אז ער דערציילט ניט דעם איקער, ס'איז אלץ טאקע אזוי, נאר ניט דאס איז דער איקער. איוואנאוו האט מיט ביידע הענט זיך געריבן די שווארצע אויגן און צוגעשאקלט מיטן קאפ, ווי ס'וואלט אים עפעס געוואונדערט.

— נו, און ווו איז זי, די קאאפעראטיווקע, זי העלפט ניט?

כאנצע האט זיך א וואקל געטאן, געווארן עטוואס צעטומלט.

— א מויד... וואס קאן זי טאן, ריידן...

איוואנאוו האט שווייגנדיק א מיך געטאן מיטן קאפ, ווי דאס וואלט באדייטן אז ער איז ניט מאסקים.

— איז א טראקטער האט איר שוין, זאגסטו, ווען ניט, וואלטן מיר אייך געגעבן א טראקטער.. גוט, גיט. איז איצט, זאגסטו.

ארבעט מענ שוינ? און איצט האָב איך געוואָלט מיט דיר אָט וואָס...

כאָנצע האָט זיך אופגעהויבנ און זיך באלד צוריק אָנגעשפּארט אָנ טיש. ער האָט געפילט, אז בא אים האָט זיך עפּעס אָפּגעריסנ אינעווייניק, ער האָט געפּרווט איַנהאלטנ דאָס אָטעמענ, אז איוואנאָוו זאָל ניט באמערקנ.

— איז עפּשער וועסטו אליינ דערציילנ, — האָט איוואנאָוו זיך נערוועז איבערגערוקט מיטנ בענקל, — וואָס דאָרט בא דיר מיטנ ברויט, מיטנ אמבאר...

כאָנצע האָט אים צעטומלט אָנגעקוקט און א שטאמל געטאָנ.

— דער אמבאר, איז בא מיר... וואָס זאָל איך דערציילנ...

איוואנאָוו האָט ניט געענטפערט. ער האָט זיך עטוואָס אָפּגעקערט, פאמעלעך פאנאנדערגענומענ די פּאפּירנ, וואָס זיַינענ געלעגנ אפנ טיש, און געלאזנ זיי דורכגעקוקט. עפּשער האָט ער דאָס געטאָנ בעקיוונ, קעדיי געבנ אים, כאָנצענ, א מעגלעכקיַיט זיך באטראכטנ... ער האָט נידעריקער אראָפּגעלאָזט דעם עטוואָס גרויענ קאָפּ צו די פּאפּירנ און געבורטשעט אינ זיך.

כאָנצע האָט צוגערוקט א בענקל, זיך צוגעזעצט און געטראכט, וויאזוי זאָל ער אויספּלאָנטערנ דעם פּלאָנטער, וואָס ער האָט דאָ געמאכט. צעטומלטערהייט האָט ער אריַינגעבראָקט, אז זיי האָבנ שוינ דעם טראקטער, אז מע שנייַדט שוינ דאָס ברויט, און נאָכדעם ווער ווייס, וואָס סע וועט נאָך זיַינ. ער האָט געפּרווט צוטראכטנ עפּעס א טערעץ און ניט געקאָנט.

— אנטשולדיק, — האָט כאווער איוואנאָוו פּלוצלונג אָפּגעריסנ דעם קאָפּ פונ די פּאפּירנ, — האָסט עפּעס געזאָגט... כ'הער, כ'הער...

— וואָס זאָל איך... אָט האָב איך געזאָגט וועגנ דעם טראקטער, דער טראקטער, האָב איך געזאָגט...

— דאָס האָב איך שוינ געהערט, — האָט איוואנאָוו אים איבערגעריסנ. — דערצייל, וואָס טוט זיך בא איַיך אינ אמבאר... וווהינ זיַינענ אהינגעקומענ די הינדערט פּוד ברויט?!..

כאַנצע איז אַרויס פֿון פּאַרטיי־קאָמיטעט אַ צעטראָגענער. ער האָט אַפֿילע ניט געפֿרעגט וועגן אַ פֿור און זיך געלאָזט צופֿוס מיטן אויספּענעוווקער וועג.

— זאָל ער מאַכן רעוויזיעס... כ'האָב זיי... וואָס צופּ: זיי מיך, וואָס ער ברויט? — האָט ער געבורטשעט מיט אופּרעגונג. — כ'זיצ שוין דעם דריטן כוידעש אַף גאָלע סקאָרינקעס, און זיי דרייען נאָך מיר אַ קאָפּ, זאָלן זיי מאַכן בא מיר רעוויזיעס, כ'ל זיך שוין דאַפֿקע איבערוועגן, קיין איין פֿונט וועט בא מיר ניט פֿעלן.

אין סטעפּ איז, דאַכט זיך, פֿריִער ווי שטענדיק צוגעפֿאַלן די נאַכט און פֿון די קאָפּיצעס האָבן זיך איבערגערופֿן יונגע ווייַסע בושעלן.

כאָנצע איז אַוועק גיכער.

## איין־און־צוואַנציקסטער קאַפּיטל.

דער כוטער איז ניט געשלאָפֿן. אַלע האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט אַף פֿאַרטאָג און אויסגעגאַנגען נאָך נייַעס וועגן דער סרייפּע. פֿאַרן טאַבון האָבן זיך געקליבן רעדלעך בא די הויפֿן, אַרויסגעקוקט אַף קאָוואַלעוווסק און נאָכגעגאַנגען נאָך יודל פּיס־קונען. יודל איז איין אונטערשכן העמד אַרומגעלאָפֿן און אופּגע־רעגט געטייַנעט.

— מענטשן זאָלן זיך ניט היטן בּיט פֿײַער, אַזאַ סרייפּע, אַזאַ סרייפּע! דער גאַנצער הימל האָט דאָך געברענט...

צווישן די רעדלעך האָט זיך צעטומלט אַרומגעדרייט סימכע בערעזין און אַלע -ווייַלע איבערגעפֿרעגט.

— אַזוי טאַקע... דער טראַקטער האָט טאַקע אָפּגעברענט, מ'איז שוין געקומען, מ'ווייס שוין, האַ?..

— מע ווייס נאָך אָבער ניט, וועמעס הענט סע שטעקט דאָ, — האָט דאָדע בורלאַק זיך געערגערט, — מירן נאָך זען, וואָס די סלעדסטווע וועט ווייַזן...

— אליין צינדט זיך א סטערטע היי ניט אונטער...

— א מָשל,—האָט סימכע בערעזינ זיך אָנגעכאפּט, — עפּשער וועסטו זאָגנ, אז עמעצער האָט דאַרט אונטערגעצונדנ? מע איז, דאכט זיך, צווישנ ייִדנ, מאלע וואָס סע טרעפט זיך, ווייניק סרייפעס טרעפנ? פייַער איז א גאנעוו, אראָפּגעוואָרפנ א ציגאר, דאכט זיך, פארלאָשנ, אונ נאָכדעם אָט האָט איר, סע ווערנ אומגליקלעכ מענטשנ...

עלקאָנע האָנערמאנ האָט זיך געקראצט די פלאקסענע צעפּאטלטע באָרד אונ אומצופרידנ געבורטשעט.

— מירנ שוינ קיינ טראקטער ניט האָבנ... איז אויס... ניטאָ וואָס צו דרייענ זיך א קאָפּ מיט קאָלעקטיווג...

קאָפּלדינער איז געווענ צעטומלט פונעם בארג נייַס, וואָס ער האָט געבראכט. ער האָט שטארק געשפּריצט מיט די נאסע פּארקאשערטע ליפּנ אונ געמאכט מיט די הענט.

— אָנגעכאפּט האָט זיך דאָס פייַער, אפּאָנעם, פונ דער סטערטע היי, וואָס שטייט צום פּלאנטאוש... אזוי, אפּאָנעם, איז דאָס... אונ דער פּלאנטאוש איז געדיכט, גיי זוכ עמעצנ... מע זעט גלייַכ נאָכ דער ערד נאָכ. אונ נאָכדעם האָט דער ווינט דאָס צעבלאָזנ אונ ס'האָט א צי געטאָנ, אפּאָנעם, צום בענזינ, נו, האָט שוינ דאָס א כאפּ געטאָנ די טראקטערס. ווענ מע נעמט אָבער נעכטנ, כ'האָב געזאָגט...

— דאָ ליגט א האנט, — האָט דאָדע בורלאק אים איבערגעשלאָגנ.—אלעווייַ זאָל איכ ליגנ זאָגנ, דאָ ליגט א פארבאָרגענע האנט...

—לאָז, לאָז,—האָבנ די כוטעראנצעס זיכ צעשריִענ אפ אים,— האק ניט איבער... אונ קיינ שפור איז ניטאָ?..

— ע־ע... מע זאָגט עפּעס, נאָר ווער ווייס, ס'איז גוט, וואָס מע האָט זיך געכאפּט, ווענ ניט איז א גוטנ טאָג ביט אלצ מיט אנ אנדער...

יאנקעוו אָקסמאנ האָט זיך ארומגעדרייט נעבנ דעם רויט־אָפּגעפּארבטנ פּארקאנ מיט א מעטושטעשנ געפיל. עס האָבנ אינ

אים געשפּילט צוויי געדאַנקען. איין געדאַנק האָט אים עטוואָס באַרויִקט, אַז איצט איז די ריזיקע קלענער געוואָרן, וויבאַלד דער טראַקטער האָט באַוויזן אופרייסן, וועלן זיי, הייסט דאָס, אים דאָ שוין ניט האָבן... און דער צווייטער געפיל האָט פון צייט צו צייט האַסטיקער געיאָגט דאָס בלוט, און ער האָט זיך אים אַלץ געסטאַרעט פאַרטרייבן... וואָס ווייס ער? מאַלע וואָס עס איז פאָרגעקומען אַ סריפע ערגעץ... ער האָט מיט יודלען מער קיינע געשעפטן ניט, ס'איז גאָלע גנייווע, און פּראָפּקאַ—ניט ער קאָן אים און ניט ער ווייס אים, וואָס האָט ער טאַקע וואָס מוירע צו האָבן?..

און ער איז אַלץ אַרומגעלאָפן צעטומלט און געפּילט, אַז עס רייסט אים אויף דאָס האַרץ, אַז ווער האָט אים געבעטן זיך פאַרטשעפּען מיט דעם אויסוווּרף, אַז ער אַליין קאָן מאַסערן...

נאָכדעם האָט ער זיך פאַרקליבן הינטער דער קלוניע, אַוועקגעזעצט זיך צווישן שוואַרצן פּאַסליאָן און זיך דערטראַכט.

— מע דאַרף אַרויספּראָווען כאָטש אַ צוואַנציק זעקלעך מעל אַף יאַניסעל, ביז וואָס... צוביסלעך דאַרף מען אַרויסשלעפּן, וואָס מע קאָן נאָר...—ער האָט זיך אַרומגעקוקט, צי קיינער הערט ניט אונטער זיינע געדאַנקען, און זיך טיפער איינגעבויגן צווישן דעם פּאַסליאָן.

אַרום דעם רויטן ווינקל איז געווען טומלדיק.

פון איבער די גערטנער האָט זיך מיטן קאָוואַלעווסקער וועג באַוויזן עלקע. די כוטעראַנצעס האָבן זיך צעפּאַלאָשעט און זיינען אַרויס אַנטקעגן, צו דער קאַנאַווע. עלקע איז געווען מיד. קאָנסיק, אַז זי איז ווידער ניט געשלאָפן. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט נעבן דער קאַנאַווע און צונויפגענומען די פּיס אונטער זיך.

— כאָנצע איז נאָך ניטאָ?—האָט זי שטיל זיך געווענדעט צו כעמע טראַסקון.

ער האָט אַ מאַך געטאָן מיטן קאָפּ און זיך אומגעקוקט אַף הולייפּאָליער שליאַך.

— ניין...

— איר ווייסט שוין אלץ, וואָס ס׳זאָגט דער כוטער? — האָט עלקע זיך ארומגעקוקט.

— ווער וואָס סע רעדט: ווער ס׳איז צופרידן און ווער ס׳איז גלאט אזוי...

— און וואָס זאָגט איר?..

— ווער? — האָט כעמע זי עטוואָס פארוואונדערט אָנגעקוקט.

— דער קאָלעקטיוו... דער טראקטער האָט געפּלאצט.

— דער קאָלעקטיוו איז א קאָלעקטיוו, — האָט דאָדע בורלאק זיך ארויסגעכאפּט. — וואָסי דאָ פאראן וואָס צו פרעגן, קיין אנדער וועג, קיין בעסערן האָבן מיר סײַ־ווי ניט. זאָל שוין זײַן, ווי ס׳איז...

— הייסט דאָס, פאָרן מיר ארויס, הא, כאווײרים?!

די כוטעראנצעס האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ.

— און איך האָב זיך באטראכט, — האָט זיך עלקאָנע אײַנגעבויגן, — כ׳וויל צוריק מײַן שקאפע מיט דער מאשין. איר פארשטייט...

עלקע האָט האסטיק אופגעהויבן דעם קאָפּ.

— ווילסט צוריק?

— אז סע לוינט מיר ניט דער גאנצער אייסעק... איך וועל געבן א פערד אי א מאשין, און איר... וואָס גיט איר? איר גיט גאָרניט... און איך זאָל זיך טיילן מיט זיי...

— דערווײַל טיילן מיר זיך ניט, דערווײַל מוזן מיר ארויספאָרן אין סטעפּ.

פון די דערבײַיִקע פאליסאדניקעס זײַנען צו דער קאנאווע אָנגעקומען מאטוס און יודל פיסקון.

— פאראן נײַס, וואָס דערציילסטו? — איז מאטוס ציגעגאנגען צו עלקען.

— וואָס פאר א נײַס, — האָט זי אים אומצופרידן אָנגעקוקט. — וואָס הערט זיך אין קאָאָפעראַטיוו בײַ דיר? בענזין האָסטו שוין פארזאָרגט, צי טראַכסט ניט?

— דער טראַקטער האָט דאָך אָפּגעברענט.

— איינס האָט ניט צום אַנדערן... און א טראַקטער ברענט ניט, — האָט זי פארבײַגייענדיק א וואָרף געטאָן. — דער קאָאָפעראַטיוו־טער האָט געפּלאַצט, נאָר דאָס מאַכט ניט, בענזין דאַרף זײַן. הײַנט איז ער צעבראָכן, און מאָרגן, אז מיר וועלן דאַרפן, וועט ער ארבעטן.

— גוט, גוט, בענזין וועט זײַן, צי א טראַקטער וועט זײַן, דאָס ווייס איך שוין ניט. ס'האָט טאַקע היפּש אָפּגעברענט?

— אז מע צינדט אונטער, ברענט, — האָט זי קורץ געענטפערט.

— אונטערגעצונדן? — האָט זיך מאַטוס דערשראָקן א כאַפּ געטאָן, — ווער? ווער? וואָס רעדסטו?

— א, וועט מע זאָל וויסן ווער, — האָט יודל באַדויערנדיק א שמייכל געטאָן, — ער וואָלט שוין, דאַכט זיך, קיין לעבעדיקער ניט אַוועק. וואָס — ס'איז עפּעס פאראַן עפּעס שפּורן? כ'זאָג אײַך, אז מע האָט געמוזט אונטערצינדן און עפּשער — ווער ווייס? האַרגענען קומט, האַרגענען.

עלקע האָט ניט געענטפערט. זי האָט זיך באַלד אופגעשטעלט.

— ניט געזאָרגט, א טראַקטער וועלן מיר האָבן, נאָר דערווײַל איז ניטאָ וואָס צו זיצן. מע דאַרף שפּאַנען די פערד. ווו איז ווילינאָוו?

די כוטעראַנצעס האָבן געקוקט אף איר מיט פולער האָפענונג אין די שטויביקע אויגן.

יודל איז צוגעגאַנגען צו איר און האָט זיך האַכנאָעדיק אײַנגעבויגן.

— כ'האָב שוין גערעדט, אויב איר געדענקט, כ'וואָלט וועלן... ס'ציט מיך פאָרט אין קאָלעקטיוו, פארשרײַבט מיך...

זי האָט עטוואָס פארשטשימעט די ליפּן און א טראַכט געטאָן. — מע דאַרף אים איצט ניט אָפּזאָגן, עפּשער וועט דאָס אונטער־

האלטנ עלקאָנענ.—זי האָט א קוק געטאָנ אפ די כוטעראַנצעס, געזענ, אז זיי זײַנענ מאסקים.

— נו, גוט... איר האָט א מאַשינ?

— כ'ברענג גלײַכ, כ'גיי שוינ, כ'ל זי שוינ ברענגענ. נאָר די שקאַפע קוים וואָס זי דיכעס. זי ווײס, דאכט זיכ, בא מיר פייגערנ. וואָס זאָל איכ טאָנ?... נאָר די מאַשינ איז ניטאָ וואָס צו ריידנ...

— גוט, גוט,—האָט עלקע צוגעשאָקלט מיטנ קאָפּ, ער זאָל אופהערנ ריידנ.

עלקאָנע האָט זיכ טאמעלעכ אופגעהויבנ אונ אוועקגערוקט.

ווענ די קאָלווירטניקעס זײַנענ געקומענ אינ הויפ, איז שוינ עלקאָנעס שקאַפע אונ די שנײַדמאַשינ ניט געווענ.

נאָכ האלבנ טאָג איז כאָנצע צופוס אָנגעקומענ פונ ראיאָנ. אפנ ווענ נעבנ די כוטערס האָט ער זיכ ערשט ניט לאנג געהאט דערוויסט וועגנ דער סרייפע אינ קאָוואלעווסק.

— ווידער אראָפּגעריסנ.—האָט ער זיכ ביז ווייטעק געקראצט דאָס געלע הארטע בערדל.—אבי כ'האָב אים דאָרט אָנגעפלאָנטערט, אז מיר האָבנ שוינ דעם טראקטער. אָכ, פארברענט זאָל דאָס ווערנ, אז סע גייט מיט דער פוטער אראָפּ, כאָטש לייג זיכ אונ הארגע, הארגע אונ פאו'טיק...

אפנ קאָלעקטיוו־הויפ האָט ער געטראָפּנ עלקענ מיט כעמע טראַסקונענ. אלע קאָלווירטניקעס זײַנענ שוינ געווענ אינ סטעפּ. עלקע האָט אימ דערזענ אונ געלאָפּנ אנטקעגנ.

— וואָסי דאָרט? דערציי, דערציי!.. אונדזערע נײַס ווייסטו דאָכ שוינ,—האָט זי אימ געזאָגט,—נו, רייד שוינ...

כאָנצע האָט זיכ געווישט דעם שטויביקנ שוויס פונ פּאָנעם.

— וואָס זאָל איכ דערציילנ. ס'איז פאסקודנע אונ פארטיק.

— וואָסי, וואָסי,—האָט עלקע אימ אָנגעקוקט דערשראָקנ.

כאָנצע האָט אויסגעשפּיגנ אונ אָפּ אָנאוזײַט.

— ווילסט, קאָנסטו גיינ אינ פארטקאָם. כ'האָב אליינ אוועקגעפאטערט, כ'האָב אימ אָנגעפלאָנטערט, אז מיר האָבנ שוינ א

טראַקטער און גיי ווייס און נעם ניט דעם אָרדער. ווערט דאָס פאַרברענט!

— וואָס פאַר אַן אָרדער, א נאַריאַד?

— אַפ א טראַקטער, זאָג איך דאָך! איוואַנאָוו האָט פאַרגע־לייגט נעמען א טראַקטער, ס'איז איצט פונקט פאַראַן אַפ אויס־צאָלן. היינט גיי ווייס, וואָס סע טוט זיך דאָ. איצט וועל איך שוין דאָרט האָבן,—האָט ער זיך געווישט דעם שווייס, און דער שווייס איז, דאַכט זיך, אַלץ מער און מער צוגעקומען.

— וויאַזוי נעמסטו דאָס ניט?—האָט כעמע ניט אויסגעהאַלטן,—מע גיט, דאַרף מען נעמען.

— זאָל איך נאָך עפּשער היינט אַרויס,—האָט עלקע זיך באַ־טראַכט,—קיין פור איז ניטאָ—ווייסט ניט?

— סיידן פון אונדזערע.

— ניין, ניין! די פערד דאַרפן זיין אַפן סטעפּ... און ווען וואָס האָט מען דיך אַרויסגערופן?

ער האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט און גאָרניט ניט געענטפערט. זי האָט פאַרשוויגן. שפּעטער א ווײַלע, ווען כאַנצע איז אוועק צו זיך אַהיים, האָט זי אים דעריאָגט.

— וואָס האָט מען דיך געשלעפּט?

— ווערט דאָך פאַרברענט. ער מיינט, כ'האָב זיך דערשראָקן. זאָלן זיי מאַכן רעוויזיעס, כ'ווייס, עמעצער פּאַרקעט, און גיי דערווייז אים...—האָט זיך כאַנצע געערגערט.—ס'איז אָנגעקומען א פּאַפּיר, אַז כ'האָב אַרויסגענומען הינדערט פור ווייץ פונעם אַמבאַר. לעבן זאָלן זיי אַזוי, כ'ל זיי נאָך דערווייזן, איך וועל שוין באַשטיין, אַז מע זאָל איבערוועגן...

— קאָך זיך ניט,—האָט אים עלקע באַרויקט.—אַז מיר וועלן דאַרפן, וועלן מיר איבערוועגן, סטראַשע ניט און דערווייל טו וואָס מע דאַרף...—נאָכדעם האָט זי צוגעגעבן שטיל:—ס'איז זיכער אַקסמאַנס אַרבעט, פאַר די אומפּאַרטייִשע זאָלסטו דערווייל ניט ריידן. גיי עסן... איך וועל היינט אַרויס אין קאָמיסעט.

## צוויי־און־צוואנציקסטער קאפּיטל

ווען עלקע האָט פאַרקערעוועט הינטער דער צווייטער מאָ־הילקע, האָט די זון זיך שוין געהאַט צעגאָסן ווײַס־ווײַס הינטער שוואַרץ־כוטער און אָנגעצונדן אויף שפּיץ בערגל די מוילבער־ביימער.

הינטער דער מאָהילקע האָט עלקע אויף טראָסקעניקער וואָגן אָנגעיאָגט שעפּטל קאָבילעץ. ער איז געפאָרן מיטן זעלבן וועג, און זי געקומען צו זיך אויף וואָגן.

שעפּטל איז געווען עפּעס אומרויִק, געקוקט אויף סטעפּ און מיט פאַרדרוס אונטערגעשמיסן די פערד.

— קומען געוואָרן...

עלקע האָט אויף אים מאָדנע אַ קוק געטאָן.

— סומנע, זאָגסטו?...

— ע...—ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן און ניט געפונען וואָס. נאָכדעם האָט ער זיך אויסגעדרייט צום נאָאַרעווישער סטעפּ און אָנגעוויזן מיט דער האַנט.

— קומנע... סומנע... ס'אַראַ סטעפּ ס'איז דאָ געוואָרן! צײַט איך לעב, געדענק איך ס'ניט, אַזש אַ ווייטעק אַ קוק צו טאָן... גאָלע ווייץ און ווייץ... סומנע ווערס.

ער האָט לאַנג געקוקט אויף סטעפּ מיט בענקשאַפט אין די ברענענדיקע פּאַסליאָן־אויגן.

— מיט אַ פּאָר יאָר צוריק איז דאָ געווען אַ כּיעס, סאַראַ שיינקײַט ס'איז געווען, מיטן אויג ניט פאַרכאַפּן!.. דאָ איז געוואַקסן ווייץ, דאָ לײַן, דאָ אַ קלײן גערשטן, דאָ סאָנעטשניקעס, דער סטעפּ איז געווען דאָ גרין, דאָ בלוי, דאָ געל... און איצט געל און געל! ניאָ, הײַדאַ!...

זי האָט ניט געענטפערט. זי האָט געקוקט אויף אים און זי האָט ניט געהערט. זי האָט געטראַכט און ס'האָט איר אַליין עפּעס אויס־געזען ווילד.

— אָט אזעלכע ווי ער זײַנען נאָך פאראן געגוג אין כוטער, נאָר ער איז הארטער פאר זיי... און זי דארף זיי אײַנברעכן,— און ס'איז איר עפּעס פריילעכער געוואָרן.

— וואָס רעדסטו ניט?—האָט ער'א בורטשע געטאָן.

— אז דו ווילסט ניט פארשטיין, וואָסי פאראן צו ריידן. דו ווילסט ניט פארשטיין, אז טויזנטער יאָר איז דאָ געלעגן די ערד צעפּאסעוועט, און מיר זײַנען געוועז קנעכט בא איר און באַם באלעגוף... און איצט ווילן מיר איינמאָל פאר אלעמאָל איבעראנדערשן דעם סטעפּ, און דו זאָגסט, אז ס'איז דיר סומנע פונעם בלויזן ווייץ! מיר וועלן דאָ אָנצינדן עלעקטרישע לאָמפּן אין בוריאנאָוקע, מירן מאשיניזירן, מירן אויסטריקענען די בלאָטע נעבן דער הרעבליע, מירן דורכלייגן א שאָסיי פון בוריאַנאָווקע קיין קאָוואלעווסק, פון קאָוואלעווסק קיין יאַניסעל...

איר האָט זיך פארוואָלט ריידן און ריידן, זידלען אים.

— דערווײַל האָבן מיר נאָך גאָרניט געזען,—ער האָט א טיוקע געטאָן צו די פערד, זיי זאָלן גיין גיכער.

— פארטיקס ווילסטו... אָט גיי איך נאָכן טראקטער, זיי קאָפּאיען זיך דאָרט מיט דרײַ פערד, און דו...

— ס'איז ניט מײַן קאָפּוויטעק, זאָלן זיי אויך האָבן,—האָט ער צופרידן געשמייכלט.

— כ'האָב שוין געערעדט וועגן דיר,— האָט עלקע זיך עטוואָס אומצופרידן אויסגעצויגן.

— וועגן מיר...

— ס'רעדט פון דיר די ווילדקייט... מיר לעבן איצט...— האָט זי זיך ווידער אופגעהויבן,— אָט נעם, פארשטיי כאָטש, האָסט דאָך געהערט פון לענינען. נו, דו ווייסט, וואָס לענין האָט געזאָגט וועגן דיר?

— וועגן מיר...— האָט ער זיך צעשמייכלט, ער האָט א מאך געטאָן מיט דער האנט און נאָך אלץ געשמייכלט.

— לענין... וועגן מיר? האָדיע!...

— יאָ, יאָ, וועגן דיר... אַז קאַלזומאַן אַזאַ מין פויער, ווי דו... עך, שעפּסל... קראַפּעווע וועט באַ דיר וואַקסן...

— נו, מירן זען.

ער האָט אַ שמיץ געטאָן די פערד, און זיי זײַנען אַוועק אין גאַלאָפּ.

## דרײַ־און־צוואַנציקסטער קאַפּיטל

שוין עטלעכע טעג ווי דער קאָלעקטיוו האָט אַרויסגעקוקט אַף עלקען, און עלקע איז אַלץ ניט געקומען. איבעריקנס כוסער האָבן זיך פון ערגעץ אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן מעטושטעשע קלאַנגען, נאָר קיינער האָט געוווּסט ניט געוווּסט,. וואָס עס האָט פּאַסירט מיט איר.

איידער די זון האָט זיך נאָך גענומען אויספּיקעווען פון אונטערן באַרג, האָבן זיך די בוריאַנאָוקער איינציקווײַז אַרויסגעשלעפּט אין סטעפּ שנײַדן דעם ווייץ.

רונד אַרום זײַנען איבער דער סטעפּ־ווײַטקײַט געשטאַנען צע־וואָרפן וועגענער און האַרבעס. פונדערווײַטן האָבן זיי אויסגעזען מעסוקן קליין. דער גרעסטער טייל בוריאַנאָוקער האָבן געשניטן מיט האַנט־קאָסעס.

וואָוועע דרויאַן איז מיט ברייטע טריט געטראָטן איבערן ווייץ, מיט ביידע הענט זיך אײַנגעקלאַמערט אין דעם הילצערנעם שטאַנג פון דער קאָסע און מיט דער רעכטער האַנט האַסטיק געפאָכעט. די קאָסע האָט זיך מיט אַ דינעם כריפּ אַרײַנגעשניטן צווישן די שיטערע זאַנגען און אָפּגעפלויגן צוריק אינדערלופטן. איבעריקנס האַלדז האָבן באַ וואָוועען געראַנען ריטשקעס קויטיק שווייס, און ער האָט געפּאָנפעט מיט דער נעשאָמע. ער האָט געפילט, אַז ער האָט שוין מער קיין קויעך ניט, ס'האָט אים אָפּגענומען באַוונ־דערס די רעכטע האַנט, ס'ברענט מעסוקן אין סאַמע עלנבויגן, און וואָס האָט ער ערשט אָפּגעטאָן, אײַנגאַנצן צוויי מאָל דורכ־געגאַנגען, אי דאָס איז וועד ווייס וויפל געבליבן אין העזעק...

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, אָפּגעווישט מיטן אַרבל דעם שווייס, גענומען די קאָסע צווישן די קני און געפּרווט אָנשאַרפן. ניט ווײַט, אַנטקעגן, איבער דער דריסער מעזשע האָט ער דערזען קאַל־מען זאַהאַטן. קאַלמען זאַהאַט איז געזעסן פון פאָרנט אַף דער צעבראָכענער שנײַד־מאַשין און אָנגעטריבן די פערד. די שנײַד־מאַשין האָט זיך פּאַמעלעך אַרײַנגעשניטן אין די זאַנגען, אָפּט געפּאָכעט מיט די פליגלען און רוישיק געסעטשקעוועט מיטן שנײַדמעסער.

— אָ, ווען איך האָב אַ מאַשין, — האָט וואָווע אַ טראַכט געטאָן, — גיי אַרבעט מיט אַ קאָסע, דער זיידע האָט דאָך נאָך אַזוי געאַרבעט.

קאַלמען זאַהאַט האָט זיך קוים געשלעפּט מיט דער שנײַד־מאַשין. אַלע ווײַלע זײַנען צוגעשטאַנען די אויסגעמאָגערטע פערד און די מאַשין האָט זיך געבונטעוועט. ער איז קוים דער־קראָכן צו ליפּע זאַיִקעס מעזשע און געבליבן שטיין אַנטקעגן דער האַרבע.

די פּאָר סיווע האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן, אָפּגעגעבן מיט פּאַרע און אַראָפּגעלאָזט די קעפּ צו די זאַנגען.

— ס׳אי הייס, — איז ליפּע זאַיִקע אַרויסגעקראָכן פון אונטער דער האַרבע, — סע פּאַרעט... — און זיך געלאָזט צו קאַלמען זאַהאַטן.

קאַלמען זאַהאַט האָט אַ וויש געטאָן דעם שווייס פון שטערן.

— טפו, — האָט ער אויסגעשפּיגן, — אין דער ערד מיט אַזאַ אַר־בעט, קוים וואָס מע שלעפּט זיך, טפּר־ר־ר... — ער איז צוגעלאָפן צום פערד און פאַנאַנדערגעטשעפּעט דעם פּאַסטראָמעק.

— זי נעמט? — האָט ליפּע באַטראַכט די שנײַדמאַשין.

— ע־ע, ס׳איז ניט נעאַרבעט... און דו וואָס, — גייסט מיט דער קאָסע?

ליפּע זאַיִקע האָט אַ קוק געטאָן אַף זײַן שטיקל ווייץ.

— מיט דער קאָסע איז איצט שווער געוואָרן, ס׳איז דיר ניט די אַמאָליקע צײַטן... אַמאָל פּלעג איך אָפּגיין מיט דער קאָסע

ביז אפדערנאכט, און זי פלעגט זינגען בא מיר, און איצט—ניטאָ קיין קויעכ, סע נעמט ניט.

— אזוי,— איז קאַלמען זאָהאָט פריילעכער געוואָרן, וואָס ניט נאָר ער שלאָגט זיכ ארויס פון די קויכעס.

ליפע האָט געקוקט אפ אים פון אונטערן שטערן און א טראכט געטאָן, זאָל ער אים זאָגן זיין געדאנק, צי ס'לוינט ניט?

נאָכדעם האָט ער זיכ אָפגערופן.

— ווייסטו גאָר וואָס, קאַלמען, וואָס כ'וועל דיר זאָגן... אין קאָלעקטיוו, אזוי הייבט מיר אָן דוכטן, וואָלט עפשער טאקע אי גרינגער געווען, אי, ס'דוכט מיר, ניט אזויפיל וואָלט געגאנגען אין העזעק אריין.

— פאָרט א מאשין... א מאשין איז ניט קיין מענטש,—האָט ליפע וויַיטער געפרווועט דערוויַיזן און איז צופרידן געווען פון זיין געדאנק,— א מאשין שוויצט ניט אזוי...

— דאָס אי ריכטיק, דאָס אי ריכטיק,—האָט קאַלמען זיכ געקראצט די שווייסיקע באָרד,— נאָר ווען די מאשין איז אן אייגענע, פארשטייסט, אָט וואָס...

— קיין אייגנס האָב איכ קיינמאָל ניט געהאט,—האָט ליפע צעפּירט מיט די הענט.

— הייבט זיכ אָן!—האָט זאָהאָט א שמיץ געטאָן די פערד. — האָסט געדארפט האָבן. נו, גענומען, היַידא,—האָט ער געשטשאָבעט די פערד איבער די פיס. די פערד האָבן קוים זיכ גערירט פון אָרט, און די מאשין האָט אָנגעהויבן כריפען און גראגערן.

— זי לאָזט דאָכ בא דיר איבער העלפט,—האָט ליפע נאָכגעשריַען.

ער האָט ניט געענטפערט. ער האָט איצט דערפילט אן אומצופרידנקייט פון ליפעס רייד, פון די מאָגערע שקאפעס, וואָס שלאָגן זיכ אוים פון דער פעל און קוים וואָס זיי שלעפן, פון דער היץ און פון איינציקן פאָדמאָגע, פון וואָוקען, וואָס האָט איבערגעלאָזט דעם טאטן אין סטעפּ און אליין אוועק, ווער ווייס אים וואוהין, מיט זייער פּיאָנער־אָטריאד, דאָס האָט אים געערגערט מער

אר אלץ. א קינד זאָל לאָזן דעם טאַטן און אַוועק צו פרעמדע, פרעמדע העלפן, אַף פרעמדע אַרבעטן, ער וועט דאָס נאָך אויסכאַליען...

וואָס מער ער האָט געטראַכט וועגן דעם, האָט אין אים זיך אַלץ מער צעקאָכט דער קאַס און ער האָט שטאַרקער געשמיסן די פערד.

ליפע איז א ווײַלע געשטאַנען, נאָכגעקוקט נאָך דער מאַשין, ביז זי האָט זיך פאַרקערעוועט אַף רעכטס און ער איז אַוועק צו זײַן מעזשע. ער האָט אַרויסגעשלעפּט די קאָסע פון אונטער דער האַרבע, אָנגעשפּיגן אין די פויסטן און איז מיט ברייטע טריט אַוועק איבער דעם קאַטראַניקן ווייץ.

ער האָט גיך געפּאָכעט מיט דער אויסגעקרימטער קאָסע אונטער די נידעריקע זאַנגען און דער געדאַנק איז בא אים גע-וואָרן אַלץ בוילעטער און קלאָרער.

— שוין עטלעכע און צוואַנציק יאָר, ווי ער אַקערט דעם סטעפּ דאָ, און וואָס האָט אים דער סטעפּ געגעבן? אַף וואָס דאַרף ער דאָס אײַנגאַנצן? ווערט פאַרברענט די מעזשע! אַף וואָס דאַרף ער זי, ברויט באַדאַרף ער, כײַ וגאָלט ער באַלד אַוועק מיט זיי, בא זיי וועט שוין דאָס אַרויסגיין אַנדערש...

שפּעטער א ווײַלע האָט ער זיך אַראָפּ-באַרג באַגעגנט מיט וואָווע דרויאַנ. וואָווע איז אַנטקעגן געגאַנגען, די קאָסע האָט אַלע ווײַלע א בלאַנק געטאָן אַנטקעגן דער זון, און ס'האָט זיך פינדערוויַיסן בוילעט געהערט, ווי ער סאָפּעט.

— א גאָט העלף, — האָט ליפע אויסגעגלײַכט דעם רוקן און פאַרהייבן די האַנט צו דער זון, — כ'איז שוין ניט פרי. פאָנפּעסט, האָ?... וויפל ביסטו שוין דורכגעגאַנגען?

וואָווע האָט גענומען אָנשאַרפן די קאָסע. — טעמפּ ווי האָלץ... ווער וויס, האָט ער זיך אומגעקוקט אַף הינטער, — וואָסי, כ'צייל?..

— און איך האָב זיך, דאַכט זיך מיר, צו עפּעס דערטראַכט, — האָט זיך ליפע אָנגעשפּאַרט אַפן שטאַנג. — וואָס לייגן מיר צו, פרעג איך דיר?...

ארום, ווײַט איבער די פֿאַנאַנדערגעוואָרפֿענע מעושעס האָבן אײנצלנע פֿױערים געבלאַנקט מיט די קאָסעס. פֿון נאַזאַרעװיטשער בערגל האָט זיך פֿאַר אַלעמען אַרױסגעזען כּעמע טראַסקונס קלײן, װוּ ס'האָט געאַרבעט דער ערשט־אָרגאַניזירטער קאָלעקטיװ.

— ס'ציט דיך טאַקע אַהין... — האָט װאָװע דרויאַן אָפּגעריסן דעם שאַרפֿשטײן פֿון דער קאָסע.

— אַזױ טראַכט זיך מיר.

— און איך האָב געהערט, אַז מע האָט שוין אין קאָוואַלעװסק דאָס גאַנצע ברויט בײַ זײ צוגענומען, פֿון אונטערן בעזעם זאָגט מען.

— װער זאָגט?

— אָקסמאַן... יאַנקעװ אָקסמאַן האָט דערציילט.

דעמאָלט אין האַלבן טאָג איז יאַנקעװ אָקסמאַן אַרויס פֿון זײַן הויף און זיך געלאָזט מיט דער סטעזשקע צו יודל פּיסקון.

דער כוטער איז געװען פּוסט.

אָקסמאַן איז גיך געגאַנגען און געבודטשעט עפּעס. דאָס, װאָס יודל איז אַרײַן אין קאָלעקטיװ, האָט בײַ אים אַרויסגערופֿן אַ נײַעם שרעק.

— גאַלע גאַנעװ איז דאָס, גאַלע גאַנעװ... װאָס קריכט ער אַהין? — ער האָט געפֿילט אַ צעבויטעטן אומרו אונטערן האַרצן און ניט געװוּסט, װיאַזױ אױסהאַלטן זיך. די כרײפֿע אין קאָ־װאַלעװסק האָט אים שוין געקאָסט געזונט בלוט, אַז װער האָט אים געבעטן האָבן געשעפֿטן מיט פּראָפּקע דעם שיקער. װער װײס װאָס ער קאָן נאָך אָפּטאָן! װײניק האָט ער שוין אַרויסגעשלעפּט בײַ אים... און דער גאַנעװ קריכט נאָך צו זײ. מע האָט געדאַרפֿט אָט איצט דורכפֿירן אַן אײגענעם מענטשן אין קאָענעס.

נעבן קאָאָפּעראַטיװ האָט ער דערזען יודלען. ער האָט צו אים אַ װוּנק געטאָן און זיך געלאָזט צוריק אין הויף.

באַלד איז יודל אָנגעקומען. אָקסמאַן האָט אים באַגעגנט בײַיולעך.

— כ׳האָב דיר געוואָלט זאָגן... מיר געפעלט דאָס ניט... כ׳האָב זיך באטראכט, פארשטייסטו מיך, אז כ׳האָב ניט וואָס צו גיין קעגן כוטער, פארקערט... זאָלן זיי טאָן, וואָס זיי ווילן, איך האָב קיינע געשעפטן ניט...

— וואָס הייסט? — האָט זיך יודל א כאפ געטאָן.

— כ׳רעכן, אז אויב זיי האָבן דיך צוגענומען, וועלן זיי מיך עפשער אויך צונעמען. וואָסי שייעך די באלעבאטישקייט, האָב איך ניט קיין גרעסערע פאר דיר.

— וואָס הייסט?

— ס׳איז ניט וויכטיק... און וועגן יענעם איניען, וועגן קאָוואַלעווסק, ווייסטו דאָך, אז איך בין א זייטיקער מענטש, כ׳האָב צו דעם קיין שום שייכעס ניט, כ׳קאָן זיי ניט און כ׳ווייס זיי ניט, און צו מיר... זאָלסטו צו מיר פראָפּקעס ניט שיקן, דאָס זאָג איך דיר!..

יודל איז אופגעשפרונגען. ער האָט אָנגעהויבן טומלען. אָקסמאַן האָט זיך דערשראָקן, עמעצער זאָל ניט דערהערן, און אים קוים איינגעהאלטן. נאָכדעם האָבן זיי לאנג גערעדט. ס׳איז געבליבן, אז אָקסמאַן וועט פרווון אופקלאפּן אַן אייגענעם קאָלעקטיוו — קאָלזומאַנ די מויד איז ניטאָ, דארף מען אופקלאפּן דעם קאָלעקטיוו...

## פיר־און־צוואנציקסטער קאפיטל

דער קאָלעקטיוו האָט געארבעט אין דער באלקע אונטער שווארץ־כוטער. די דריי פערד האָבן פריילעך געשלעפּט די שנייד־מאשין, געשמיסן מיט די עקן און אָפּגעטריבן די סטעפּ־פליגן. די מאשין האָט געגראגערט, האסטיק געדרייט מיט די פליגלען, גיך־גיך געסעטשקעוועט מיטן שניידמעסער און אופגעהויבן א שטויב איבער דעם קאטראניקן ווייץ.

פונפאָרנט אפ דער זיצלקע איז געזעסן כעמע טראסקון, אונטערגעשמיסן די פערד, און הינטער די פליגלען האָט דאָדע בור־

לאָק גיך און שווער אַראָפּגעשאַרט מיטן גלאַנציקן באַסטערמאַק דעם ווייץ צו די קאָפּיצעס.

בא די קאָפּיצעס האָבן געאַרבעט קאָפּלדינער, ווילינאָוו, כאָרט־נער. כאַנצע איז זיי שווייַגנדיק געגאַנגען מיט א גרויסער הראַבליע און אונטערגעפּייַפס.

באַקומען האָט זיך אַזוי, אַז איינער האָט געוואָלט דעריאָגן דעם אַנדערן, און אַלע קאָפּעצניקעס האָבן געוואָלט דעריאָגן די שנייַדמאַשין.

קאָפּלדינער האָט האַסטיק אַרייַנגעהאַקט די ווילע אין די קאָפּיצ־קעס, פאַרהייבן איבער דעם קאָפּ און גיך, עטוואָס אונטערהינ־קענדיק, געיאָגט צו דער קאָפּיצע. ער האָט געפילט א מאָדנע מונטערקייט אין די גלידער. און עפּעס א מעטשטשעשער געפיל האָט אים געקיצלט אונטערן האַרצן.

— וויפל יאָר האָט ער שוין דאָ אָפּגעאַרבעט אַפן סטעפּ און ס'האָט אים שטענדיק געגאָגט אַזא פוילקייט. ער האָט זיך שטענדיק געפילט מיד און עפּעס דערשלאָגן, און ס'האָט זיך געגלויסט אַרונטערקריכן אונטער א קאָפּיצע און אָפּ־ליגן ביז אינדערנאַכט אַרייַן, ליגן און גאָרנישט ניט טאָן — אַז ס'האָבן זיך די הענט ניט געגומען. און איצט האָט ער פּלוצלינג דערפילט, אַז ס'האָבן זיך פאַנאַנדערגעבונדן בא אים די הענט־און ער מוז זיי באַווייַזן, אַז ער וועט זיי אַריבעריאָגן! אָנו, וויפל קאָפּיצעס האָט ער שוין צונויפגעלייגט?...— און ער האָט געפילט עפּעס א נייַע פרייד, וואָס ער האָט ביז איצט ניט געוווּסט...

— אָט וועלן מיר באַלד אָניאָגן די מאַשין,— האָט ער אַלע ווייַלע אופגעהויבן די אויגן אַפן שטויב אַראָפּ באַלקע.

נאָר כעמע טראַסקון האָט אונטערגעשמיסן די פערד, די מאַשין האָט שטאַרקער געגראַגערט און איז אַוועקגעקראָכן אַלץ טיפער אַראָפּ באַלקע.

מיטן גרינגן פאַרחאַקסענעם ווען האָט זיך דערטראָגן א טומל. איבערן ווען זייַנען אַהער געלאָפן פּיאָנערן. געשריען און זיך

געיאָגט, ווי זיי וואָלטן וועלן איינער באַ דעם אנדערן עפּעס אויסכאַפּן.

וואָווקע קאַלמענ ואָהאָטס איז דער ערשטער צוגעלאָפן צו כאָנצען.

— מיר זיינען געקומען פון אָטריאַד, האָט ער געסאָפּעט, — גיט אונדז די ווילעס, מירן... גיט אונדז די הראַבליעס.

— די ווילעס אויך, די ווילעס,—האָבן די כעוורע געשריגן.

— איך וויל א ווילע, כ'וויל ניט קיין הראַבליע.

— מיר אויך א ווילע...

דער דריטער רינג פונעם פּיאָנער-אָטריאַד, וואָס עלקע רודנער האָט אָרגאַניזירט, האָט זיך צעשאָטן איבערן סטעפּ און גענומען אופלייגן די קאָפּיצעס.

— אָט איז אויך א פּאָדמאָגע,— האָט כאָנצע זיך אָפּגערופן און מע האָט ניט געוווסט, צי ער איז צופרידן, צי ניט.

— אויך מיר ארבעטער?!—האָט זיי ווילינאָוו נאָכגעקוקט,— זיי וועלן מיר צעטרעטן, אז ס'איז א שפּיל באַ זיי.

— נו, זאָג דאָס ניט.

זיי האָבן זיך ארומגעקוקט.

די כעוורע האָבן גיך געארבעט, צונויפגעלייגט איין קאָפּיצע נאָך דער אנדערער. הויכע גלאַטע קאָפּיצעס.

— ס'זיינען גוטע כעוורע,— האָט כאָנצע פאַרויכערט,— זאָלן זיי אַרבעטן, וויבאַלד דער אָטריאַד האָט זיי געשיקט.

— און וואָס וועלן מיר טאָן?...

— ווען ס'איז כאָטש פאַראַן נאָך א שפּאַן...

— לאָמיר גיין מיט די קאָסעס — איז קאָפּלדינער געפאַלן אַף א געדאַנק.

— ריכטיק, לאָמיר גיין,— האָט כאָרטנער אונטערגעהאַלטן,—מיר דאַרפן באַווייזן, אז מירן זיך ספּראַווען פריער פאַר זיי.

— הײַדאַ, אויב געארבעט, זאָג איך, פאַרשטייט איר מיך...

די פּיאָנערן האָבן געלייגט קאָפּיצע נאָך קאָפּיצע, געלאַכט, געשריגן און געיאָגט זיך נאָך דער שנייַדמאַשין. צווישן די

כעוורע האָט כאָנצע דערזענ יאָסקע פּיסקונ. ער איז דער לעצ־
טער נאָכגעגאנגענ מיט דער הראבליע אונ קוימ זי געשלעפּט מיט
די זאנגענ, וואָס האָבנ זיכ פֿארטשעפּעט אָנ סטערניע.

— קומ אהער, — האָט כאָנצע אימ א רופ געטאָנ, — פּיסקונ, איי!..

יאָסקע האָט געלאָזנ די הראבליע אונ איז א באראשטער צו־
געלאָפנ צו כאָנצענ.

— ?

— ווו איז דײַנ טאטע?

ער האָט זיכ פֿארלאָרנ. אימ האָט זיכ געדוכט, אז מע לאכט
איצט פונ זײַנ טאטנ, אונ ס׳האָט אימ שטארק פֿארדראָסנ.

— ער איז קראנק... ער האָט געהייסנ זאָגנ, אז ער איז קראנק..

— אזוי... — האָט כאָנצע אפּ אימ בייז געקוקט, — אונ ווער וועט
פֿאר אימ ארבעטנ?!

— איכ... איכ וועל...

כאָנצע האָט באמערקט, ווי ער איז שטארק רויט געוואָרנ. ער
האָט אימ א פּאטש געטאָנ איבער דער פּלייצע.

— לויפ צו דער הרעבלע... לויפ, לויפ, ביסט א יאט...

די פּארטיע איז אוועק אפּ דאָדע בורלאקס קלינ.

כאָנצע איז דאָ פֿארבליבנ. ער האָט מיט די פּיאָנערנ צונויפ־
געלייגט די קאָפּיצעס אונ געטראכט.

„הײַנט וועלנ מיר פֿארטיק מאכנ דעמ קלינ, אונ אויב זי ברענגט
איצט דעמ טראקטער“... אימ איז גלײַכ געוואָרנ עפּעס קאלע־
מוטנע. ער האָט וועגנ דעמ ניט געוואָלט קלאָר טראכטנ, נאָר ער
האָט געפֿילט עפּעס א פֿארבאָרגענעמ ווילנ, אז זי זאָל דעמ
טראקטער ניט ברענגענ, כאָטש מע דארפ אימ זייער האָבנ. זאָל
שוינ גיינ, ווי סע גייט... עס האָט אימ קאלאמוטעט א פֿארדראָס,
וואָס ער האָט אימ ניט געבראכט, אונ ס׳האָט אימ געשראָקנ, אז
זי וועט אימ ברענגענ...

כאָנצע האָט זיכ פֿארטראכט אונ איז היפּש אָפּגעשטאנענ פונ
די פּיאָנערנ. ווענ ער האָט זיכ א כאפּ געטאָנ, איז די שנײַדמא־

שינ געווענ ארופ בארג, אונטער שווארצ־כוטער. אפנ בארג צוישנ הויכנ ווילדגראָז האָט זיכ באוויזנ א מענטש.

כאָנצע האָט פארהייבנ די האנט איבער דעם אויג, געקוקט לאנג־לאנג אונ ניט דערקאָנט.

פונ בארג האָט זיכ אראָפּגעלאָזט פראָפּקא. זײַנ הוילע אויסגע־בליאקעוועטע מאָרדע האָט געשוויצט, ער האָט שווער געפּלאָנ־טערט מיט די פיס צווישנ דעם גראָז אונ מיט צעיושעטער סינע געטראכט.

— ברעכט ער דעם קאָפּ, יודקע, הארגעט מיכ, אויב איכ גיב ניט ארויס די גאנצע קונצ, ער'ט וויסנ ווי צו דרייענ מיר... די פאסקודע...

כראָפּקע האָט שוינ ניט איינמאָל געהאט באשטימט גייג ארויס־געבנ וועגנ דער סרייפע.

— וואָס איז ער שולדיק? ער איז שיקערלעכ געווענ. דאָס איז שוינ זײַנ קרענק, אלע וויסנ דאָכ. אונ יודל האָט פארדור־מאניעט דעם שיקערנ קאָפּ מיט מעל, פינפ זעקלעכ מעל האָט ער צוגעזאָגט. אָנגערעדט, אָנגערעדט אונ איצט אינגאנצנ א האלב זעקל מעל געגעבנ... וואָס איז ער שולדיק, ער'ט גלײַכ זאָגנ, אז ער איז שטארק אונטערנ פלעשל געווענ. דאָ קומט שוינ גאָרנישט, אונ יענע איז א קורקול וויים מענ דאָכ...

די סינע האָט איג אים געקאָכט. ער האָט פּײַנט, פראָפּקא, אז מע נארט אים. א וואָרם איז א וואָרם, כאָטש שינד די הויט.

איצט האָט אים די אלטע ארויסגעוואָרפנ פונ דער זעמליאנקע, אונ ער האָט זיכ געלאָזט קיינ קאָוואלעווסק.

אראָפּ־בארג האָט ער פונדערווײַטנ דערזענ אפנ סטעפּ כאָנצענ אונ פארקערעוועט צו אים.

— כ'ל אים ארויסלייגנ, ער וועט מיר זאָגנ—וואָס וועלנ זיי מיר טאָנ, אז א באלעגופ האָט מיכ פארשיקערט, מע אנטבאלע־גופעוועט זיי דאָכ סײַ־ווי־סײַ.

ער איז שוין געווען גאָר נאָענט. עס זײַנען פֿאַרבליבן ביז כאָנצען נאָך עטלעכע מעזשעס. נאָר צווישן די מעזשעס האָט זיך בא אים אָנגעהויבן פּלאָנטערן א נײַער געדאנק.

— עפּשער צוגיין פֿריִער צו דער וואראזע, ס'איז רעכט, ער וועט אָנשיטן נאָך א האלבן זעקל, און באנעצן וועט ער דאָך געווים..

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, אָפּגעווישט די שווייסיק־אָפּגעבליא־קעוועטע מאָרדע און באלד פֿארקערעוועט אפּן וועג, צום כוטער.

כאָנצע האָט אים איצט דערקאָנט, דערמאָנט זיך אָן עפּעס און פֿארהייבן די ווילע צום הימל.

— פּראָפּקא!.. פּראָפּ־קא־א!..

פּראָפּקא האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך ארומגעקוקט.

כאָנצע האָט געפאָכעט מיט דער ווילע און גערופן אים אהער.

פּראָפּקא האָט זיך א קראַץ געטאָן די פּאטיליצע, ווי ער וואָלט זיך מעיאשעוו געווען, און באלד גענומען זיך אהער, צו כאָנצען.

— גאָט העלפֿ...—איז ער צוגעגאנגען צו דער קאָפּיצע.—דײַן קלינ איז דאָ, צי וואָס?..

כאָנצע האָט אראָפּגעלאָזט די ווילע אין דער ערד, אָנגעשפּארט זיך אָן איר און פֿארפּירט מיט אים א רייד וועגן היימישע זאכן וועגן קאָלעקטיוו.

— וועסט עפּשער גיין מיט אונדז,—האָט ער אים פֿארבײַ א פֿרעג געטאָן.—מע זאָגט, אז מע האָט געפּאקט דעם אונטער־צינדער, סט'געהערט?..

פּראָפּקעס אָפּגעבליאקעוועטע מאָרדע האָט אָנגעהויבן נאָך מער צו שוויצן.

— פֿון אונדזער כוטער, זאָגסטו,—האָט ער מיט כשאד געקוקט אפּ כאָנצען.—אזוי, געכאפּט זאָגסטו, געפּאקט?.. ער האָט א טראכט געטאָן, אז עפּשער איז גלײַכער אָט איצט שוין אלץ אויסלייגן פֿאר אים, אז מע וועט פּאקן, וועט זײַן ערגער.

— ס'איז די עמעסע סרייפע געווען, — האָט כאָנצע ניט אראָפּ־געלאָזט דאָס אויג פון אים, — האָסט געזען, פראָפּקא?..

פראָפּקא איז מיטאמאָל געוואָרן בייז, און ס'האָט אים א קלאפּ געטאָן דער בראנפן אין קאָפּ.

— וואָס שטייסטו צו צו מיר, הא, וואָס ביסטו, הא?.. כ'האָב אייך אלעמען... ער האָט דערפילט א קיצלדיקע כרוקנקייט אין גאָרגל און ס'האָט אים מיטאמאָל א ציִ געטאָן צו יודלען.

ער האָט זיך א וויג געטאָן אף די פיס, גאָרנישט ניט גע־זאָגט און פארקערעוועט צו אים.

— עי, פראָפּקא! — האָט כאָנצע אים נאָכגעשריִען, ער זאָל זיך אומקערן, נאָר ער האָט ניט געענטפערט און איז אוועק ווײַ־טער אראָפּ־בארג צום כוטער.

שפּעטער א ווײַלע, ווען כאָנצע מיט די פּיאָנערן זײַנען געווען טיף אין דער באלקע, האָט זיך אינדערהויך אפּגעקאָסיעטע בערגל צעטראָגן א געשריי. צווישן די הויכע קאָפּיצעס איז גע־לאָפן קאלמען זאָהאָטס יִדענע און געשריִען מיט א קוויטש.

אין באלקע איז זי אָנגעלאָפן א פארסאָפּעטע, געמאכט מיט די פארקאשערטע הענט און געוואָרפן זיך אף וואָווקען.

— וואָס איז דאָס פאר אן אָנשיקעניש אף מיר? שוין זאָלסטו גיין בא מיר אהיים... דער טאטע ווערט, נעבעך, איינער אליין אויסגעריסן, אפּן סטעפּ, און ער האָרעוועט גאָר אף פרעמדע. אויסקרענקען זאָלן זיי... פרעג, וואָס ווען, מע וועט דיר באצאָלן צי וואָס, פערד אייגער? צו זיי וועסטו בא מיר יאשטשעריט־שעט גיין פרעסן, פרעסן זאָלן זיי דיר. דער טאטע שלאָגט זיך ארויס פון די קויכעס. שוין זאָלסטו מיר גיין אהיים, דו הערסטו!..

וואָווקע איז געוואָרן רויט, געקוקט אף דער ווילע און ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן.

די מאשין איז שוין געווען ווײַט, איבער דער סטערניע זײַנען געלעגן אסאך קופּקעס ווייץ. ער האָט געפילט, אז ער פארהאלט

די ארבעט, צוליב אים שטייט דער גאנצער רינג, און ער האָט ניט געוווסט, וואָס צו טאָן. ער האָט געוואָלט איר עפּעס זאָגן אינדערשטיל, אז די פּיאָנערן זאָלן ניט הערן, זיי זאָלן ניט לאכן, נאָר זי האָט אלץ געקוויטשעט און געמאכט מיט די הענט.

— שוין זאָלסטו בא מיר גיין אהיים, וואָס שטייסטו וואָס, כל'דיר דעם קאָפּ אראָפּדרייען!

— וואָס שרייט איר! — האָבן די כעוורע זיך אָפּגערופן.

— זעט נאָר, — האָט זי זיך א כאפּ געטאָן. — וואָס מיינט איר, ער איז אייער גלייכן, ער וועט אפּ פרעמדע האָרעווען?.. איך שטיב ווײל דאָס גאָרנישט ניט טאָן, איר זאָלט דאָס חיסן, אויס־קרענקען וועסטו בא מיר!..

— גיי זיך, — האָט וואָווקע אופגערעגט זיך א שליידער געטאָן. — קענסט גיין. דער גאנצער רינג איז דאָ, איך וועל ניט גיין!..

— גייך, דו וועסט גיין בא מיר, וועסט פויזען. — איז זי נאָכ־געלאָפן — ס'טגעוזען אמאָל, — האָט זי זיך א וואָרף געטאָן צו כאָנ־צען. — וואָס מוטשעט איר קינדער? ער פארשטייט דאָך ניט, זאָגט אים, אז ער זאָל שוין גיין אהיים, שוין די מינוט...

כאָנצע איז געלאפן צוגעגאנגען צו' איר. זיין איינציק אויג האָט ניט געקאָנט איינהאלטן דעם שמייכל.

— זאָהאָטיכע, וואָס שרייט איר, איר זייט דאָך א קלוגע ייִדענע... ער האָט זיך זיין אָרגאניזאציע, גייט אהין און רעדט, מיר קאָ־נען אים גאָרנישט ניט זאָגן...

— איר דארפט אים צווינגען! וואָס הייסט, דער טאטע ווערט דאָרט איינער אליין אויסגעריסן...

— ער וועט סיווי ניט גיין, — האָבן די כעוורע געשריִען, — ער ט'ניט גיין.

— גייט זיך!

— גייט!

וואָווקע האָט זיך געטילט שלעכט. ווען ער ווייס פריִער, וואָלט ער שוין איינגאנצן ניט געגאנגען, אז אומעטום רוקט זי

זיך מיט איר קוויטש. זי וועט שוין וויסן, אז ער וועט קומען אהיים...

— כ'ל'ניט גיין,— האָט ער זיך א וואָרף געטאָן צו איר.— קאָנסט גיין, כ'ל' איינגאנצן ניט קומען-אהיים, כ'ל ניט קומען!..— און ער האָט פון קאַס גיך גענומען צונויפלייגן די קאָפּיצע.

זאָהאָטיכע איז אָפּ צו דער מעושע, צונויפגעלייגט די הענט בא דער ברוסט און מיט א ווייטעק אין די גראָע אויגן געקוקט אהער אפן קאָלעקטיווו ווייץ, אפ די פּיאָנערן און אפ איר איינציקן זון, וואָס כאַפּט זי גראָ פאר דער צייט...

די שנייַדמאשין האָט געמאַכט א נייַעם קרייַז.

די פּיאָנערן האָבן געזונגען, געשר[illegible] געלייגט הויכע, שיינע קאָפּיצעס. מערניט וואָוקע איז [illegible] ייבן אומעטיקלעך. אים האָט פאַרדראָסן ניט אפ זיך, נאָר [illegible] די פּיאָנערן, וואָס האָבן געלאַכט פון זיַין כאַפּען. ער האָט געשוויגן.

שפּעטער, ווען ער האָט זיך אויסגעדרייט, איז זי שוין ניט געווען. ער האָט זי באַמערקט ווייט-וויַיט נעבן דאָרע בורלאַקס קליין. אנטקעגן דער זון האָבן דאָרט געבלאַנקט דרייַ קאָסעס.

## פינפ-און-צוואַנציקסטער קאַפּיטל

אַן אויסגעשטערנטער הימל איז געהאַנגען הויך, הויך איבערן כוטער.

די כוטעראַנצעס האָבן מידע זיך געשלעפּט מיט פאַרשיידענע וועגן און סטעזשקעס פון דעם סטעפּ. יידל פּיסקון איז אין די נידעריקע שטיוועלעך געלאָפן איבערן וועג מיט די פריש פאַרשאָטענע זאַנגען און אַרונגעכאַפּט זיך צו סימכע בערעזינען אפ דער שנייַדמאַשין.

— האָסט געהערט?— האָט יודל זיך צוגעכאַפּט אָן דער פּלאַנקע.

— האָ?...

— זי איז נאָך ניטאָ. ער ט'דיר געזאָגט?...

— ווער?— האָט סימכע זיך צעטומלט איבערגערוקט אפ דער זיצלקע.

— אָקסמאַנ... איצט איז די צײַט, זי איז ניטאָ, און ער... אים קאָנ מענ איינס און צוויי אראָפּזעצנ,— ער האָט זיך ארומ־געקוקט, פארביי איז אינ דער טונקלקייט עמעצער דורכגעגאנגענ, יודל האָט זיך צוגערוקט נעענטער.— דעם קאָמנעזאמ, דעם קאָמ־נעזאמ דארפנ מיר נעמענ צו זיך... פארשטייסט... איצט קאָנ מענ כאָנצענ איינס און צוויי...

— זי איז נאָך ניטאָ? — האָט סימכע זיך איבערגעקוקט און דערפילט, אז עס שיילט זיך בא אים אויס א האָפענונג.— מע ווייס ניט, עפשער האָט זיך דאָרט עפעס געטראָפנ?...— און ער האָט זיך דערמאָנט אָנ אמבאר, אָנ דעם ברויט, און אָנ דעם בריוו אינ פארטיי־קאָמיטעט.

— מיר דארפנ היינט... אינ דער קלוגיע, אָקסמאנ ווייס... ער האָט שוינ געטאָנ...

— רעכט, רעכט...— האָט סימכע געשאָקלט מיטנ קאָפּ.

— איז ווו איז?...

— שפעטער... בא אָקסמאנענ...

יודל איז אראָפּגעשפרונגענ פינ דער שניידמאשינ און זיך געלאָזט אהיימ. ווענ ער איז באטאָג אוועק פונ דער היימ, האָט די גניאדע שקאפע שוינ געהאלטנ אָט־אָט, קוימ וואָס זי האָט געדיכעט.

— שוינ מיסטאָמע אוועקגעפייגערט,— האָט אימ געבויסעט דאָס הארצ. ער איז געגאנגענ גיך־גיך, עטוואָס אונטערגעהינקט און זיך דערמאָנט אָנ יאָסקענ.

— געהארגעט זאָל ער ווערנ,— האָט ער א זשיפע געטאָנ,— שוינ לאנג געקאָנט פארגעסנ אָנ דער נעוויילע, פאר אנ אייגע־נעמ קינד דארפ מענ זיך היטנ, אויסרייסנ זאָל דאָס...

ער האָט זיך ארייַנגעכאפּט אומבאמערקט אינ דער שטאל.

די שקאפע איז געלעגנ מיט דארע אויסגעצויגענע פיס, און ס'האָבנ ארומ איר געקישעט אסאך גרויסע פליגנ.

— דאנקען גאָט,—האָט ער אויסגעשפּיגן,—קוים מיט צאָרעס...
ער האָט זי א שטויס געטאָן מיטן שטיוול, נאָר זי איז געבליבן
ליגן ווי פריִער.

— מע ווערט דארפן זיך צוכאפּן צו מאַטוסן, ער וועט געבן
דאָס צעטעלע און מאָרגן וועט מען דארפן צופאָרן נאָך דער
סטראכאָווקע... מאַטוס איז מער מענטש פאר זיי אלעמען. מיט
אים קאָן מען מאָטש ריידן, ער וועט געבן...

צו יאנקעוו אָקסמאנען אין הויף, וואָס ליגט קוים אפּן ברעג
גאס, האָט נאסטיע פארקערעוועט א פולע הארבע ווייץ מיט
א ווערך איבערביידע לייטערס. יאנקעוו אָקסמאן איז א באַר־
וועסער צו דער גאס ארויס, באטראכט, צי ס'שיט זיך ניט דאָס
ווייץ פון דער הויכער הארבע, און איז צוריק אין הויף אריין.
דעמלט האָט זיך כאַנצע פונקט א מידער געשלעפּט פון סטעפּ
און גענומען זיך מיט דער סטעפּושקע פארביי יאנקעוו אָקסמאן.
כיענע, יאנקעוו אָקסמאנס דארע ייִדענע, האָט פון הויף דער
זען כאַנצען און איז צוגעלאָזן צו יאנקעוו אָקסמאנען.

— זע נאָר, אָט איז ער דאָך, איצט קאָנסטו צו אים צוגיין,
נו, גיכער, ער גייט דאָס אוועק... נאָר רייד ווי א מענטש...
יאנקעוו אָקסמאן האָט זיך אויסגעדרייט, דערזען כאַנצען און
א באָרוועסער אינעם צעשפּילעטן קאַמזויל צעטומלט זיך געלאָזט
צו אים.

— כ'האָב געוואָלט מיט דיר עפּעס ריידן. . ווענן אן איניען...
האָט ער פארלאָרן און צעטומלט זיך א ומגעקוקט, צי קיינער
שטייט ניט דערביי.

כאַנצע האָט אפּ אים א קוק געטאָן מיטן איינציקן אויג און
פּרוקן געענטפערט.

— איר'ט אריין אין קאַנעס, כ'בין פון סטעפּ...

— אפּ איין רעגע, כ'האָב צו איר אליין א שטיקל איניען,
ער האָט אים אָנגענומענע פארן ארבל, אָפּגעפירט אביסל אָן
א זייט צום פארקן און הייזעריק א שמייכל געטאָן.

— כ׳האָב געוואָלט מיט דיר ריידנ,—האָט יאנקעוו אָקסמאנ זיכ געסטארעט אלצ צוקלייַבנ פאסיקערע ווערטער.—אויב דער קאָלעקטיוו וועט בא דיר ניט ארויס, וואָסי שייַעכ, דו ווייסט דאָכ אליינ, מיט וועמענ דו שפאנסט זיכ... זאָלסטו וויסנ, אז דייַנ ברויט וועט אפנ סטעפּ ניט פוילנ, דו ווייסט דאָכ אליינ, וואָסי שייַעכ... ניט נאָר דאָס,—אדעראבע, קאָלזמאנ איכ בינ נאָכ באלעבאָס, איז ווענ דו דארפסט נאָר. עפּשער א גמילעס־כעסעד,— אונ ער האָט ארייַנגערוקט די האנט נאָכ טייַסטער.

כאָנצע האָט ניט געענטפערט. ער איז אוועק קרום דער גאָס צו זיכ אינ שמאָל־פארוואקסענעם הויפּ.

## זעקס־אונ־צוואנציקטער קאפּיטל

יאנקעוו אָקסמאנ איז אוועק אינ הויפּ, ער איז געווענ אינ־קאעס אפּ זיכ אליינ, וואָס ער האָט זיכ נימעס געמאכט פארנ נאהייַעצ, אונ האָט זיכ איצט ניט געפינענ קיינ אָרט.

—כ׳ל זיכ נאָכ ניט לאָזנ טרעטנ מיט די פיס! ווי לאנג האָט ער בא מיר די קיזיק געריייניקט, אזא הונט!..—האָט ער ארומגע־טראָגנ א פול הארצ מיט סינע צו כאָנצענ.—ווי לאנג האָב איכ אימ געהאָדעוועט, זיי וואָלטנ אלע צעפּוכנעס, ווענ ניט איכ...

ער האָט זיכ ארומגעדרייט איבערנ הויפּ אונ ניט געוווּסט פאר וואָס זיכ נעמענ.

אינדרויסנ איז שוינ געווענ גוט פינצטער. נעבנ דעם ווייַנשל־פאליסאדניק האָט א סקריפּע געטאָנ די הילצערנע פאָרטקע, אונ אינ הויפּ האָט זיכ באוויזנ רווע סמעקונ.

— א גוטנאָוונט אייַכ,—איז ער צוגעגאנגענ צו דער כאטע, פאמעלעכ ארויסגעשלעפּט די מאכאָרקע אונ פארדרייט א ציגאר.

— א גוטנאָוונט, א גוטנאָוונט,—איז אימ יאנקעוו אָקסמאנ אנטקעגנ געגאנגענ.—פארטיקע ווילנ זיי, האָרעווע א לעבנ אונ

נאָכדעם גיב זיי אוועק... כ׳וויל וואָלטן זיי, ווי איך, געגוג אויסגע־ריסן געוואָרן...

— רוווע סמעקונ האָט א ווײַלע אָפּגעשוויגן און נאָכדעם א קוק געטאָן אפּן ציגאַר.

— כ׳בין אַרײַן צו אײַך וועגן...

— און דו גייסט אויך מיט זיי,—האָט אָקסמאַן בייז געבור־טשעט.—דו גייסט אויך. וואָס האָב איך דיר געטאָן, ווער האָט דיר אַרויסגעהאָלפן, ווען ניט איך, ווער, ווער...

רוווע סמעקונ האָט ניט געענטפערט, ווי ער וואָלט זיך געפילט עפּעס שולדיק. נאָכדעם האָט ער זיך צו אים אויסגעדרייט.

— רעב יאַנקעוו, איך בין אַרײַן צו אײַך, איך האָב געוואָלט...

יאַנקעוו אָקסמאַן האָט אָנגעשפּיצט די אויערן און איז עטוואָס פרײלעכער געוואָרן.

— צו מיר... אדעראבע, איך בין באַרעכאַשעם געווינט. מע זאָל קומען צו מיר. האָסט עפּעס אַן איניען?—און־איז אָפּ מיט אים אָן א זײַט.

— כ׳האָב געוואָלט...—איז רוווע סמעקונ אים נאָכגעגאַנגען—א הינטערשטע ראָד, די שינע האָט געפּלאַצט, כאָטש לייג זיך אוועק... עפּשער, רעכן איך, האָט זיך פאַרוואַלגערט בא אײַך.

— א שינע... א שינע...—האָט אָקסמאַן צוטראָגן געבורטשעט.—נו, גוט, מע דאַרף א קוק טאָן... וואָסי שײַעך, כ׳ל דיר געבן א שינע, קיין געלט דאַרף איך ניט... כ׳האָב געוואָלט, דאַכט זיך, מיט דיר וועגן עפּעס זיך דורכשמועסן. וועגן א וויכטיקן איניען האָב איך געוואָלט א שמועס טאָן, נאָר צווישן אונדז זאָל דאָס בלײַבן...

ער זאָגט אים אַוועקגערופן הינטער דער שטוב און זיך אַרומ־געקוקט.

— האָסט געהערט וועגן כאָנצען?

רוווע האָט א מאַך געטאָן מיט די פּלייצעס.

— האָסט גאָרניט געהערט... און וועגן דעם אמבאַר?...

— מע רעדט עפּעס, נאָר כ'הייס ניט וואָס,— האָט אים רווע אָנגעקוקט.

— איז זאָל דאָס בלײַבן צווישן אונדז...

— רווע האָט צוגעשאָקלט מיט קאָפּ.

— נאָר ס'זאָל זײַן שא: ער האָט ארויסגעשלעפּט צוויי הונ־דערט פּוד ברויט פון אמבאר...

— צוויי הונדערט פּוד?!— האָט זיך רווע דערשראָקן.

— ש־ש... ס'איז נאָך א סאָד... וואָס מיינסטו, אומזיסט קומט זי ניט? ווער ווייס שוין, ווו זי איז, ס'איז דאָך דאָ בא זיי גע־ווען איינע האנט...

— כאָנצע! וואָס הייסט?!— האָט רווע ניט געקאָנט פארשטיין.

— וועגן דעם רעדט מען דאָך... קיינער דארף דערוויַל ניט וויסן, מע וועט אים ארעסטירן. האָט מען געדארפט, אינ קאָמנע־זאם, וואָסי שײַעך, פריִער אוועקזעצן אן אייגענעם מענטש... אן ערלעכן מענטש...

שפּעטער האָט יאנקעוו אָקסמאנ א פריילעכער אים ארויסבאגלייט.

— דעם קאָלעקטיוו וועלן מיר מאכן, אזוי ווי כ'זאָג דיר, מירן דיך ניט באוולען. זעסט דאָך שוין, וואָס סע טוט זיך בא זיי. קומסטו באלד? נאָר ש־שא.

ווען רווע סמעקונ איז אוועק, האָט זיך נעבן הויפּ באוויזן וואָווע דרויאנ. ער איז א ווײַלע געשטאנען נעבן דער פאָרטקע, ווי ער וואָלט זיך מעיאשעוו געווען, און איז אוועק צוריק.

יאנקעוו אָקסמאנ האָט אים באמערקט און זיך דערשראָקן. ער האָט געוואָלט ארויסלויפן אומקערן אים, נאָר וואָווע האָט זיך באלד אָפּגעשטעלט און זיך צוריק גענומען אהער.

אָקסמאנ האָט זיך אוועקגעזעצט אפ דער פריזבע, ווי ער וואָלט גאָרניט באמערקט.

וואָווע איז פאמעלעך צוגעגאנגען צו דער ווײַס־אָפּגעקאלכטער פריזבע און זיך מיד צוגעזעצט.

— ע־ע,— האָט ער א קרעכץ געטאָן.

יאנקעוו אָקסמאַנס בלאָכעוואַטע אויגן האָבן אונטערגעשמייכלט. ער האָט זיך איצט אַפּ אַ ווײַל דערפילט, ווי אַמאָל, באַלעבאָס... ניִשקאָשע, זײ דאַרפן נאָך איצט אויך, וואָס עפּעס נאָר, צו אים אָנקומען. וואָסי שמײעך, ער וועט שוין צונויפשלאָגן אַ קאָלעקטיוו...

— כ׳האָב געוואָלט פרעגן בײַ אײַך, — האָט וואָווע זיך פּלוצלינג אופגעהויבן, — עפּשער קאָן מען בײַ אײַך קריגן אַ פּאָסטראָמעק...

— אַ פּאָסטראָמעק?

ווען וואָווע איז אַוועק, איז אָקסמאַן זיך ברייט דורכגעגאַנגען איבערן הויף און פּעסט באַשטימט:

— ער וועט שוין ווי־ניט־איז צונויפשלאָגן דעם קאָלעקטיוו. קאָלוכאַן זי איז ניטאָ, סאַר מען ניט שווײַגן, איצט איז די רעכטע צײַט, — ער האָט צונויפגעשפּילעט דעם קאַמזויל און זיך געלאָזט אין דער קלוניע.

איבערן קאַרטאָפל־גאָרטן האָבן זיך געהערט שטילע טריט.

די עטלעכע טעג, וואָס עלקע האָט זיך פאַרהאַלטן אין פּאַרטייקאָמיטעט, זײַנען בײַ איר אַוועק אַפּ קריגן דעם טראַקטער. ס׳איז איר אָנגעקומען שווער, און סאָפּקאָלסאָפּ האָט זי אים געקראָגן. איצט איז זי שוין געווען גאָר נאָענט צו בוריאַנאָווקע. דער „אינטער" האָט פריילעך געהודושעט און צעטריבן אַ ווינטל איבער דעם דערבײַיִקן גראָז. זי האָט מיט ביידע הענט זיך אָנגעלייגט אַפּן רודער, ווי זי וואָלט אים געשטופּט, אַז דער טראַקטער זאָל וואָס ניכער גיין. זי האָט זיך געשראָקן, אַז ס׳וועט שפּעט, דער כוטער וועט שלאָפן, און מע וועט ניט זען, ווי זי וועט־זיך מיטן טראַקטער אַראָפּלאָזן אַראָפּ בארג. ס׳האָט זי אַרומגעכאַפּט עפּעס אַ שטאַרקע פרייד, וואָס האָט זיך אַרומגעטראָגן מיטן בלוט איבערן גאַנצן קערפּער, און זי האָט אַליין ניט געוווסט, וואָס מע טוט זיך מיט איר. זי האָט נאָר געוווסט, אַז זי וועט הײַנט אַפּדערנאַכט דעם ערשטן טראַקטער ברענגען אַפּ

בוריאנעווקער ערד, און איר האָט זיך זייער געוואָלט, אז דער כוטער זאָל נאָך ניט שלאָפן.

ארופהייבנדיק זיך אפן בארג, האָט זי פונדערווייטנס דערזען קליינע פייערלעך, און זי האָט האסטיק אריבערגעפירט דעם הייבער אפ דער דריטער שנעלקייט.

מיט די הויפן האָבן זיך די כוטעראנצעס דערקליבן צו אָקסמאנעס קלוניע. די קלוניע איז געשטאנען טיף אין הויף צווישן די פאראיאָריקע סטערטעס שטרוי. זיי האָבן זיך פארקליבן אין פאַלאָוועריק, ווינקל און נאָכגעקוקט אָקסמאנען. יאַנקעוו אָקסמאַן איז געוואָרן רירעווודיק, געגעבן צו פארשטיין און געפילט, אז סע גייט א גאנג.

— אוועקגעגאנוועט צוויי הונדערט פוד ווייץ, צוויי הונדערט פוד! — האָט ער אלץ איבערגעכאזערט איינס און דעם זעלבן געדאנק. — אויב מיר וועלן אים איצט... איר ווייסט דאָך, וואָס איך האָב צו אים? אדערַאבע, ווער האָט כאַנצען אזוי געשטיצט ווי איך? נאָר א מענטש זאָל באראבעווען דעם גאנצן כוטער, און מיר זאָלן שווייגן!

די כוטעראנצעס האָבן מערסטנס געשוויגן, זיי האָבן געפילט אן אומבאהאָלפנקייט און ניט געוווּסט, אָן וואָס זיך אָנצוכאפן.

— איצט איז די רעכטע צייט, — האָט אָקסמאַן זיך געהאלטן אפן זינען. — קאָלזמאַן זי איז ניטאָ, איצט קאָן מען דאָס מאכן איינס און צוויי...

— מיר האָבן שוין גערעדט, — האָט ווידער אָקסמאַן אָנגעהויבן, — עפשער וויל סימכע, עפשער ווילט איר זאָגן, הא? מיר האָבן שוין גערעדט, לעמיי זאָלן מיר עטלעכע ערלעכע יידן אליין ניט מאכן קיין קאָלעקטיוו... וואָסי שייעך, מאשינעס האָב איך אביסל...

— אז מיר דארפן דערווייל ניט קיין מאשינעס, — האָט סימכע בערעזין געפרווט דערווייזן. — זיי האָבן ניט קיין כודאָבע, אָבער

מיר דארפֿן ניט קיין מאַשינעס... א מאַשין אַט גייט זי און אַט וויל זי ניט גיין, און א פֿערד, אז ס'איז נאָר פֿאַראַן א ביַיטש, שלעפּט דאָס...

יאַנקעוו אָקסמאַן האָט צוביסלעך אָנגעהויבן דערפֿילן אַן אומרויִקייט. דאָס, וואָס די כוסעראַנצעס האָבן זיך באַצויגן קאַלט, האָט בא אים אָנגעהויבן אַרויסרופֿן א צווייפֿל, און ער האָט געפֿילט, אַז אויב עפּעס סאַן, אויב ראַסטעוועס זיך, איז איצט די צייט. איצט, קאַלומאַן זי איז ניטאָ, קאָן ער כאָנצעס גלייך אַראָפּזעצן, אַליין צונויפֿקלאַפּן א קאָלעקטיוו, און דעמלט וועט ער זיין זיכער.

ער איז אָפּגעגאַנגען אין ווינקל און געפּרוּווט פֿאַר זיי מאַכן א כעזשבן.

מיטאַמאָל האָט זיך פֿונדרויסן, פֿון איבער דער הרעבליע דערטראָגן עפּעס א הודזשעריי.

די כוסעראַנצעס האָבן זיך אָנגעשפּיצט און זיך געלאָזט צו דער טיר.

— לויפֿט ניט... לויפֿט ניט... כ'בעט אייך, כ'בעט דיך, רוּווע...— האָט אָקסמאַן אָנגעכאַפּט רוּווע סמעקון פֿאַר דער האַנט...— מאַלע וואָס, ס'איז גאָרניט..., ס'איז גאָרניט, אָט וואַרט...— און ער האָט דערפֿילט, אַז עפּעס האָט זיך בא אים אָפּגעריסן אין האַרצן, דער קאָפּ איז געוואָרן שווער און זיך אָנגעהויבן דרייען, ווי ער וואָלט פֿאַרלאָרן די ערד אונטער זיך. דאָס הודזשען האָט זיך דערטראָגן בוילעטער.

די כוסעראַנצעס האָבן אים אָפּגעשטופּט אָן א זייט און זיך אַרויסגעשפּאַרט אין טונקעלן דרויסן.

אַראָפּ־באַרג האָט בייז געהודזשעט עפּעס און געוואָרפֿן עלעקטרישע שיין אַהער צים כוטער.

איבער דער גאַס האָט זיך געטראָגן א געשריי. מע איז געלאָפֿן פֿון די הויפֿן, פֿון די סקירדעס.

דאָס הודזשען האָט זיך דערטראָגן אַלץ שטאַרקער און שטאַר־קער, און די ליכטיקע צוויי פאסן זײַנען קאָנטיק געוואָרן אַלץ נעענטער.

— ס'איז אַ טראַקטער! — האָט עמעץ אויסגעשריִען.

— זי פירט דעם טראַקטער!

— דער טראַקטער גייט! — האָט מען געשריִען.

די הינט האָבן אופגעהויבן אַ בילעריַי אין כוטער, געוואָרפן זיך און געסקאַוויעט, ווי איבער דער הרעבליע וואָלט זיך באַוויזן אַ וואָלף.

אַלע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אנטקעגן מיט אַ געשריי, מיט אַ טומל.

פריִער פאַר אַלעמען איז געלאָפן דאָרע בורלאַק און גע־מרוקעט.

— אהער! אהער קערעווע... רעכטס! ..

דער טראַקטער איז שוין געווען גאָר נאָענט. די עלעקטרישע ליכט האָט זיך געהוידעט אַראָפּ בערגל און פאַרקערעוועט אהער, צום רויטן ווינקל.

אפן טראַקטער איז אַ שטויביקע געזעסן עלקע. זי האָט איצט פּלוצלינג זיך דערפילט עפּעס מאָדנע גרויס, געווען צופרידן, וואָס אַלע קוקן אפ איר און באַגעגענען זי מיט אַ געשריי. זי האָט זיך געסטאַרעט זײַן פאַרנומען באַ די הייבערס און ניט קוקן אפ די כוטעראַנצעס. פלינק האָט זי געדרייט דעם רודער און אַלע ווײַלע רעגולירט די שנעלקײַט, כאָטש זי האָט גוט געוווסט, אז ס'איז ניט נייטיק.

נעבן דעם רויטן ווינקל האָט עלקע אָפּגעשטעלט דעם טראַק־טער. זי האָט אַראָפּגענומען די בלויע ברילן און פלינק אַראָפּ־געשפּרונגען.

דער טראַקטער האָט נאָך געכריפּעט, געזעצט מיט רויך און אונטערגעטרייסלט מיט די גראָב־בלעכענע פליגלען.

אַרום האָט זיך צונויפגעקליבן דער גאַנצער כוטער.

— שאַ!.. טרײַבט אוועק די הינט, מע הערט דאָך קיין וואָרט ניט, — האָט דאָרט בורלאַק אַ שלײַדער געטאָן אַ הרודע, — שאַ!..

עלקע האָט זיך ארומגעקוקט אף די כוטעראנצעס און פאַר־וואָרפן די האָר אף הינטער.

— נו, איצט וועט שוין גיין אַ גאַנג, — האָט זי אַ טראַכט גע-טאָן און איז אַרײַן אין קאַנעט.

## זיבן-און-צוואַנציקסטער קאַפּיטל

יאַנקעוו אָקסמאַן און סימכע בערעזין האָבן געפּרוּווט פאַרהאַלטן די כוטעראנצעס, נאָר זיי זײַנען זיך אַלע צעלאָפן צום רויט ווינקל.

יאַנקעוו אָקסמאַן האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן דער סטערטע און דערפילט אַ שרעקלעכן ווייטעק אין האַרצן. ער האָט זיך געפילט ווי ער וואָלט אָקאָרשט געפאָרן איבער אַ פאַרפראָרענעם סטאַוואָק אף אַ יאַריד, אָט־אָט שליטלט ער זיך דורך, מיטאמאָל האָט געפּלאַצט דאָס אײַז, און ער פילט, אַז ער זינקט, ער זינקט און קאָן זיך ניט ראַטעווען...

— וואָס האָבן מיר געשוויגן, וואָס האָבן מיר געשוויגן, — האָט ער זיך געריבן דעם קאָפּ. — מיר האָבן דאָך שוין דאָס געקאָנט לאַנג, אײַנגעזונקען זאָל ער ווערן, — האָט ער געשאָלטן יודלען, און ס'האָבן זיך בא אים געטרייסלט די בלאָע אָדערן אף די הענט.

סימכע בערעזין האָט געשוויגן. ער האָט פּאַשעט ניט געוואָלט אַרויסגעבן פאַר אָקסמאַנען זײַנע אומרויִקײַט, זאָל אָקסמאַן ניט מיינען, אַז ער האָט מוירע פאַר עפּעס, ער איז ניט שײַעך..

— איצט איז שלעכט... פּאַסקודנע... שלעכט, שלעכט, — איז אָקסמאַן אַרומגעלאָפן אונטער דער סקירדע, — חאָטי שײַעך, וואָטי שײַעך, קאָלומאַן זיי האָבן נאָך געדאַרפט אָנקומען צו מיר.. נאָר

איצט איז שלעכט... רעב סימכע, זיי טראָגן אפ אונדז א הארצ אלעוואַ זאָל איך ליגן זאָגן...

זיי האָבן באמערקט, ווי אין דאָרפראט איז שטארק ליכטיק געוואָרן און ווי ס'האָט דאָרט געטומלט דער כוטער.

— זי... זי... די מויד...—האָט יאנקעוו אָקסמאנג א כראכט געטאָן, און בא אים האָט זיך דורכגעגאנגוועט א געדאנק, און ס'האָט אים א ציַ געטאָן צו יודל פיסקונ... ער האָט זיך באלד דערשראָקן פארן אייגענעם געדאנק, א קוק געטאָן אפ סימכען, צי יענער האָט גאָרנישט ניט באמערקט, און האָט זיך צעטומלט געלאָזט מיט דער פאסליאָנ־קאנאווע.

— אויס, אויס...—האָט ער געבורטשעט.—זיי קערן איבער די וועלט... וואָס רוקט זי מיר פלעקענער אין די רעדער!—האָט ער געזידלט כיענען,—אנטלויפן, אנטלויפן, מיט וואָס מע קען נאָר!...

ער איז א צעטימלטער אריַנגעלאָפן אין גאָרטן און זיך ארומגעקוקט.

— ווייניק האָבן זיי געפרעסן מיַינס, ווייניק האָב איך זיי געגעבן, מיַין בלוט, מיַין בלוט...—ער איז אריַין טיפער אין גאָרטן, אָנגעכאפט זיך פאר די נידעריקע צוויַיגן און אַנגעהויבן טרייסלען די גרויסע גלאנציקע עפל.

די צוויַיגן, באשאָטענע מיט פרוכט, האָבן זיך שווער צעהוידעט, פארטשעפעט איינס אָן דאָס אנדערע און געהאָגלט מיט גרויסע פיַיכטלעכע עפל. די עפל האָבן זיך געדיכט געשאָטן אים איבערן קאָפּ, איבער די הענט און איבער די זיך־טרייסלענדיקע פיס. ער האָט גאָרנישט איבערגעפילט און אלץ שטארקער געטרייסלט די אלטע באשאָטענע צוויַיגן.

א צוויַיג האָט אָקסמאנגן אָפּגעפליקט א האלבן קאמזויל און צעבלוטיקט די פינגער. ער האָט גאָרנישט ניט באמערקט. מיט א פארשטיקטן אָטעם איז ער אוועקגעלאָפן אהיים נאָך ביענען און נאָך די זעק...

# אכט-אונ־צוואנציקטער קאַפּיטל

מיטנ שאריִענ איז קאָפּלדינער אָנגעקומענ מיט פעדאָסייקענ, דעמ טראקטעריסט, פונ דער ערשט־אָרגאניזירטער יאניסילער מאשינ־טראקטערישער סטאנציע אונ געבראכט מיט זיכ דרײַ נײַע שנײַדמאשינעס.

דער קאָלעקטיוו האָט באלד געדארפט ארומפּאָרנ שנײַדנ דעמ ווייצ. פעדאָסייקע האָט געלאָזט דעמ טראקטער. דער מאָטאָר האָט זיכ פארכליניעט אונ אָנגעהויבנ זעצנ מיט רויכ.

באלד זײַנענ אהער אָנגעלאָפנ די כוסעראנצעס. מע האָט זיכ ארומגעשטעלט ארומ דעמ גרינ-אָפּגעפארבטנ טראקטער אונ באקוקט אימ פונ אלע זײַטנ.

— וואָס, איר'ט קיינ טראקטער ניט געזענ,—האָט קאָפּלדינער זיכ דורכגעשפּארט,—וואָס האָט איר זיכ ארומגעקליבנ, קיינ טראקטער ניט געזענ?.. מירנ שוינ באלד ברענגענ א קאָמבײַנ אהער!..

פעדאָסייקע איז ארופ צומ רודער אונ פּאמעלעכ א הייב געטאָנ דעמ הייבער. דער מאָטאָר האָט שטארקער א כריפּע געטאָנ, ארויסגעקלאפּט א געדיכטנ רויכ, נאָר זיכ ניט גערירט.

— ער קאָנ נאָכ ניט גיינ אמאָל אויכ,—איז קאלמענ זאָהאָט נעענטער צוגעגאנגענ אונ דערמאָנט זיכ אָנ כימבע בערעזינענ.

כעמע טראסקונ איז ארופגעקראָכנ פונהינטנ, אפ דער דריטער צוגעטשעפּעטער שנײַדמאשינ אונ זיכ ברייט אוועקגעזעצט מיטנ באסטערמאק אינ ביידע קרעפּטיקע הענט. ער האָט זיכ איצט געפילט אזוי שטאָלצ ווי קיינמאָל.

— שוינ!.. גענומענ!..—האָט ער א געשריי געטאָנ צו פעדאָסייקענ.

דער טראקטער האָט נאָכ אלצ געפּיכקעט מיט שווארצנ הייסנ רויכ, געטרייסלט מיט די פליגלענ אונ זיכ ניט גערירט פונ אָרט.

כעמע איז אופגעשטאנענ אונ א קוק געטאָנ אפ פעדאָסייקענ אונ צעטומלט זיכ ארומגעקוקט אפ די כוסעראנצעס.

ארום האָבן די כוטעראַנצעס אָנגעהויבן ריידן העכער, אונטערשמייכלען, און איבערופן זיך וועגן דעם טראַקטער.

פלוצלינג מיטאמאָל האָט זיך דער טראַקטער מיט די גרויסע הינטערשטע רעדער א ריס געטאָן פון אָרט, זיך אריינגעשניטן מיט די בלאנקענדיקע גרויסע ציינער אין דער ערד און זיך אוועקגעהוידעט.

— געגומענ?!..— האָט קאַלמען זאָהאָט צעעפנט עטוואָס דאָס מויל — א־א?..

נאָך די צוגעטשעפעטע נייע שניידמאשינעס האָבן זיך א לאָז געטאָן די ארטעלשטשיקעס, ארופגעכאפט זיך אף די אראָפּשפּארברעטלעך און יעדערער האָט זיך געפילט, פונקט נאָר ער אליין וואָלט געזעסן דאָ אף די שניידמאשינעס, און דער גאנצער כוטער קוקט נאָר אף אים...

עלקע איז געבליבן שטיין נעבן קאַענעס.

איצט וועט שוין די ארבעט מוזן גיין,— האָט זי געטראַכט,— די באָזע איז שוין פאראן... הייַנט באנאכט דארף מען איינמאָל פאר אלעמאָל צונויפשלעפן די יאטן מיט די מיידלעך, מע מוז דאָ מאכן א קעמערל. ווו זיינען דאָס די ניאָנערן?.. וואָס טוט מען מיט כאָנצען, מע דארף מאכן די רעוויזיע און איינמאָל פאר אלעמאָל קלאָר מאכן, א קלייניקייט, עפעס הונדערט פוד ווייץ!..

יאנקעוו אָקסמאן איז אין סטעפ ניט ארויסגעפאָרן. ער האָט זיך פארשלאָסן אין דער קלוניע, געפּאָרקעט זיך עפעס אונטערן שטרוי און איבערגעכעזשבנט אלע ווייַלע איינע און דיזעלבע זאך.

— מע וועט דארפן פריער ארויספירן די ווייץ... שא, עפשער פריער דעם לייַן... ניין, די ווייץ... צוביסלעך, צוביסלעך דארף מען צוסאָרגן, איינ בעהיימע דארף מען צופירן אפן כוטער, זאָלן זיי זי מעלקן דערווייַל, און די צווייטע... זאָל די צווייטע דערווייַל זייַן אינדערהיים. וואָסי שייַעך, דאָס אמאָליקע לעבן וועלן מיר שוין, דאכט זיך, ניט אומקערן ..

מאטוס איז אוסגעשטאנענ שטעט. נעכטנ איז זיכ בא אימ וויִיט אינדערנאכט פארזעסנ סימכע בערעזינ. וואָס ער האָט געוואָלט פונ אימ, האָט ער אליינ ניט געוווּסט. ער האָט זיכ געפילט זייער שלעכט אונ ניט געקאָנט פונ אימ פּאָטער ווערנ. נאָכדעמ האָט אימ א גאנצע נאכט שטיל געטאָטשעט דער געדאנק, אז עלקע האָט געבראכט דעמ טראקטער, אונ סע ארבעט דער קאָ-לעקטיוו.

ער איז דורכגעפאלנ,—האָט ער איצט געטראכט,—נאָר ער גלויבט נאָכ איצט אויכ ניט אינ דער גאנצער זאכ. ניט פאר בוריאנאָווקע איז דאָס א געשעפט, ניטאָ וואָס צו איילנ זיכ, אבי פּאטערנ געלט דער מעלוכע. אונ ס'האָט אימ אָנגענומענ א האס אפ על-קענ. ניט גענוג, וואָס ער דייגעט זיכ וועגנ יעדער קאָפּקע, סטראַ-שעט זי נאָכ, אז זי וועט אימ איבערגעבנ אינ פארטיי-קאָמיטעט-זאָל זי איבערגעבנ! זיי וועלנ נאָכ זענ! זיי מיינענ, אז אזוי טוט זיכ דאָס. יאָרנ דארפנ אוועק, אונ זי וויל איבערקערנ דעמ סטעפּ פאר א וואָכ... זאָל זי, זאָל זי...

מיטאמאָל האָט זיכ אינ כוטער מיט א הידושעריי אריינגעשניטנ די מאשינ פונעמ פארטיי-קאָמיטעט. נעבנ דעמ רויטנ ווינקל איז ארויסגעשפרונגענ כ' איוואנאָוו, פארכאפּט מיט זיכ עלקענ אונ אוועקגעיאָגט אפנ סטעפּ, צום קאָלעקטיוו.

## נייַנ-אונ-צוואנציקטער קאפיטל

עס זייַנענ דורכגעלאָפנ עטלעכע טעג. דער טראקטער מיט די שנייַדמאשינעס האָבנ געארבעט פונ פארטאָג ביז שפּעט אינדער-נאכט. עלקע איז גאנצע טעג אָפּגעלעגנ אינ סטעפּ. מע האָט שוינ געהאלטנ באמ פארענדיקנ שנייַדנ דעמ גערשטנ אונ דעמ לייַנ. אפמאָרגנ האָט מענ שוינ געדארפט צוטרעטנ צומ דרעשנ. זי האָט געזענ, ווי די כוטעראנצעס זייַנענ נאָכגעגאנגענ מיט די קאָסעס צווישנ די מעזשעס אונ געפּילט, ווי זיי קוקנ זיכ

אַלע אום אפֿן טראַקטער, אַפֿ די ראַשנדיקע שנײַדמאַשינעס — אפֿן קאָלעקטיוו.

— מע מוז זײַ איצט א נעם טאָן, — האָט זי באַשלאָסן. — ס׳איז שוין פֿאַראַן דאָס קאַמיוג-קעמערל, ס׳וועט איצט גיין א גאַנג.

נאָך האַלבן טאָג האָט זיך געכמאַרעט.

פֿאַרנאַכט־צו האָט אָנגעהויבן בליצן, נאָך קיין רעגן איז ניט געגאַנגען. עלקע האָט פֿאַנאַנדערגעשיקט די פּיאָנערן איבערן כו־טער מעלדן וועגן א פֿאַרזאַמלונג. זי האָט זיך געפֿילט הונגעריק און איז אַוועק זוכן ווו אָפּצועסן.

נעבן דעם רויטן ווינקל זײַנען אפֿן צעטראָטענעם גראָז שוין געזעסן היפּש כוטעראַנצעס. מע האָט געוואַרט אַפֿ דער פֿאַרזאַמ־לונג, יעדערער פֿון די אָרעמפּויערים האָט טיף אינעווייניק ערגעץ געטראָגן א פֿאַרבאַהאַלטענעם געדאַנק וועגן דער אייגענער פּויער־שער אומבאַהאָלפֿנקייט, וועגן קאָלעקטיוו... נאָר קיינער האָט וועגן דעם ניט גערעדט. איינער האָט אַרויסגעקוקט אַפֿ דעם אַנדערן. זאָל נאָר עמעצער אָנהייבן, דאַכט זיך, וואָלטן זײַ שוין אַלע דורכ־געריסן די הרעבליע... נאָר קיינער האָט ניט אָנגעהויבן. מע האָט געוווּסט, אַז דער כוטער האָט נאָך ניט אַרויסגעפֿירט קיין איין קערנדל פֿאַר די ברויט־פֿאַרגרייטונגען, און יעדערער האָט אַרויס־געקוקט מיט א פֿאַרבאָרגענער סינע אַנטקעגן איבער דער גאַס צו יאַנקעוו אָקסמאַנס הויף.

— ער׳ט דאָס ברויט נאָך פֿאַראַיאָרנ ניט אַרויסגעפֿירט, און אונדז האָט מען געצוויגן.

— ווייניק ברויט טוכלעט בא אים!..

אַנטקעגן, קרום איבער דער גאַס, בא יאַנקעוו אָקסמאַנען אין הויף, איז געווען טויט שטיל. קיין פֿײַער האָט ניט געברענט. סע איז געווען שטאַרק פֿינצטער, ווי קיינער וואָלט אין הויף ניט געווען.

יאַנקעוו אָקסמאַן איז א גאַנצן טאָג אינערגעץ ניט אַרויס איבער דעם שוועל. איצט איז ער געזעסן בא זיך אין שלאָף־צימער

און אומרויִק ארויסגעקוקט פון אונטער דעם ווײַסן פאָרהאַנג אהער צום רויטן ווינקל. פון מאָל צו מאָל האָט ער זיך אלץ שטאַר־קער און בייִלעטער פאַרגעשטעלט דעם אמאָליקן רוישיקן הויף, דאָס שווארצע שולצ־ברעטל באַם טויער, דאָס רויִקע זאטע לעבן...

— ס׳וועט שוין קיין זאך ניט העלפן,—האָט ער באַשלאָסן,— צוריק דאָס אמאַליקע לעבן וועלן מיר שוין, דאַכט זיך, ניט אומ־קערן, זיי האָבן שוין אלץ צעטראָטן מיט די פיס... מע דאַרף זיך ראטעווען, ראטעווען, וואָס מע קאָן נאָר...—און ער האָט זיך געריבן ביז ווייטעק דאָס פארגעלטע פּאָנעם.

די הענט האָבן זיך געטרייסלט בא אים און אים האָט אַרום־געכאפט א לעצטע נאָגנדיקע בענקשאפט נאָך זײַן אמאָליקן, רויִקן, גרויס־באַלעבאַטישן לעבן.

— כיענע, דאָס זעקל זאָלסטו ניט פארגעסן אָנגרייטן, כיענע, ווו ביסטו?

דורך דעם פענצטער האָט ער דערזען סימכע בערעזינען,—ער איז מיט פאמעלעכע טאקעפּדיקע טריט געגאַנגען צום רויטן ווינקל.

— עפשער אויך צוגיין, פּרוּוון א רעד טאָן מיט זיי,—האָט ער א טראכט געטאָן און איז אוועק אין שטאל.

אין רויטן ווינקל איז שוין געווען פול. אף דער פאָדערשטער באַנק האָט זיך ארויסגעוויזן כעמע טראסקון, הינטער אים, אָן א זײַט, ווילינאָוו, באַם פענצטער דאָדע בורלאַק, כאָנצע איז גע־שטאַנען ניט ווײַט פון דער טיר. טיף אין ווינקל איז פארוקט גע־זעסן סימכע בערעזין און געשושקעט זיך מיט קאלמען זאָהאָט. אף יענער זײַט שוועל איז געשטאַנען שעפּ־ל קאָבילעצ און ניט אראָפּגענומען די אויגן פון עלקען.

עלקע האָט עפּעס געענדיקט ריידן מיט קאָפּלדינערן און זיך אופגעהויבן איבערן טיש. א בלאסע שײַן איז געפאלן פון לאָמפּ אף איר קלוגן, קײַלעכדיקן שטערן.

— ש־ש־ש... האָדיע,—איז דורכגעלאָפן א טומל דורכן צימער. סע איז געוואָרן שטיל.

— אין טאָג־אָרדענונג האָבן מיר די פראגע וועגן קאָלעקטיוו,— עלקע האָט זיך געסטארעט ריידן הויך און בוילעט,—און וועגן די ברויט־פארגרייטונגען... סע איז פאראן א פאָרשלאג, אז אין פרעזידיום זאָלן זיצן קאלמען זאָהאָט...—זי האָט א קוק געטאָן אף סימכע בערעזינען. סימכע האָט צעטראָגן זיך עטוואָס אָפגע־רוקט פון קאלמען זאָהאָט,—וואָווע דרויאן, דאָוויד־בער, שעפטל קאָבילעץ... און קאָפלדינער.

די כוטעראנצעט האָבן זיך געהויבן פון די ערטער. אויס־געדרייט די קעפּ אף הינטער און איבערן צימער האָט זיך צע־בודעט א קעסל־גרוב און אָפּגעקלאפט אין די צעטרעסקעטע שויבן

— בראוואָ!

— די כאווערטע רודנער!

— אייַכ, אייַכ...

— בראוואָ!..

קאלמען זאָהאָט האָט געפּרוווט באהאלטן דעם שמייכל אין באָרד. צום ערשטן מאָל אין לעבן האָט ער געפילט אף זיך אזוי־פיל בליקן. ער האָט זיך קוים דורכגעשטויסן דער לעצטער צום טיש. נעבן סימכע בערעזינען איז ליידיק געבליבן זייַן אָרט, און סימכע האָט זיך דערפילט ניט באקוועם. ער האָט זיך ציפּיל ארויסגעזען. די כוטעראנצעס האָבן נאָך אלץ געשריִען און אָנגע־רופן עלקעס נאָמען אין פּרעזידיום. און עלקע איז זיכער דור־געלאָפן מיט די אויגן איבער די כוטעראנצעס און א טראכט גע־טאָן.

— הייַנט געווינען מיר, מירן נאָך הייַנט באדערנאכט פונדאנענ א שפּאר טאָג אף אָקסמאנען...

יאנקעוו אָקסמאן האָט שטיל־שטיל אָפּגעשלאָסן די קלוניַע, פּאמעלעך ארייַנגעטאטשעט דעם וואָגן אהין און גלייַך צוגעמאכט דעם טויער. קיין פּמער האָט ער ניט אָנגעצונדן, דאָס אָרט איז אים געווען גוט באקאנט.

כיענע איז געבליבן זיצן הינטער דעם ברייטן טויער און ניט אראָפּגענומען די אויגן פונעם רויטן ווינקל. יאנקעוו אָקס־מאַן האָט אין דער קלוניע אָפּגעזוכט די ווילע און גענומען גיך־גיך אָפּוואַרפן די טוכלע שטרוי פונעם ווינקל. ער האָט געפילט, אַז עס זײַנען אים צוגעקומען נײַע קויכעס, — וואָס ער האָט שוין לאַנג־לאַנג פאַרלאָרן. גרויסע ווילעס שטרוי האָט ער געוואָרפן אין א זײַט, און צוביסלעכ איז דער ווינקל געוואָרן אַלץ מער אָפּגערייניקט. ער האָט מיט די פינגער אָנגעטאַפּט די ליים און איז ארויס צו כיענען.

אנטקעגן, קרום איבער דער גאַס, אינעם רויטן ווינקל, זײַנען די שויבן אַלע ווײַלע געוואָרן העלער און טונקעלער, ווי מע וואָלט זיך דרייען דאָרט ארום די פענצטער.

— מע האָט געדאַרפט זיך צוכאַפּן א הער טאָג...— האָט כיענע שטיל צוגעזיפצט, — ווער ווייס, וואָס דאָרטן טוט זיך, וואָס געדויערט עס בא דיר...

יאנקעוו אָקסמאַן האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט, זי זאָל אופהערן ריידן, צוגעהערט זיך צו עפּעס א שאָרך אין פּאַלימאַדניק...

— טאָמער וואָס,—האָט יאנקעוו אָקסמאַן א בורטשע געטאָן אונטער דער נאָז,—איז שרײַ ניט, גיב א הוסט, וועסט זיך מאַכן ווי דו זיצט... נאָר דרעמל ניט...

ער איז צוריק ארײַן אין קלוניע, גענומען די לאָפּעטע און אין דער פינצטער גענומען אופגראָבן די ליימיקע ערד...

די פאַרוואַמלונג האָט זיך אָנגעהויבן ניט אזוי, ווי עלקע רוד־נער האָט אויסגערעכנט. באַלד ווי דער פרעזידיום האָט פאַרנו־מען דאָס אָרט ארום טיש, האָבן זיך ערגעץ פון די הינטערשטע בענק דערטראָגן אויסגעשרייען.

— זאָל מען הײַנט ריידן וועגן כאָנצען.

— פאַרוואָס באַהאַלט מען דאָס...

— ווו איז דאָס ברויט פונעם אמבאַר?

סימכע בערעזינ האָט דאָרט אינעם ווינקל אונטערגעטורקעט, געסטארעט זיכ, אז מע זאָל אימ ניט באמערקנ.

— פאר גאנוועגענ ברויט...—האָט ער געבורטשעט—פאר גאנ־וועגענ ברויט.. וואָס שווייַגנ מיר?..

— אונדזער ברויט פרעסט איר!

— ווו זייַנענ די שליסלענ?

צוביסלעכ, אומבאמערקט האָט די פארזאמלונג געגומענ אופלא־קערנ פונ אלע זייַטנ, ווי א סקירדע טרוקענע שטרוי.

— וואָס שווייַגנ מיר?—האָט עלקאָנעס יידענע געשריִענ.

— איר מיינט מיר ווייסנ ניט!

— וואָס זיצנ מיר,—האָט סימכע בערעזינ שטארקער אונטער־געטורקעט די הינטערשטע בענק—וואָס זיצנ מיר, לאָמיר נעמענ די שליסלעכ, לאָמיר גייענ צום אמבאר!

עלקע האָט זיכ דערפילט, ווי זי זאָל זיצנ אפ א וואָגנ, אונ די פערד האָבנ זיכ צעטראָגנ. זי דארפ איצט פעסטער אָנעמענ די לייצעס אינ די הענט. זי האָט פארוואָרפנ די בלאָנדע האָר אפ הינטער אונ זיכ אָפגעשטעלט.

צום טיש האָט זיכ דורכגעשפארט כאָנצע. זייַנ אויסגערונענע אויג האָט זיכ אָנגעהויבנ צוגויפצִיִענ אונ עטוואָס אונטערגע־פינטלט. ער האָט געפרווט אָנהייבנ ריידנ אונ זיכ פארטשעפעט אָנ אייגענער צונג.

— דער אמבאר... נאָט אייַכ די...—האָט ער אריַינגעפערעט די האנט אינ קעשענע.

— כאָנצענ וועלנ מיר איצט קיינ וואָרט ניט געבנ,—האָט עלקע אימ איבערגעריסנ.—זעצ זיכ אוועק, דו האָסט קיינ וואָרט ניט.—אינ צימער איז געוואָרנ רויִק.—די פראגע, כאָטש זי גייט ניט אריַינ אינ אונדזער סאָג־אָרדענונג, וועלנ מיר, כאווייירים, באהאנדלענ. מירנ זי באהאנדלענ פריִער ווי אלע. א וואָרט וועגנ דעם וועלנ מיר געבנ... ווער וויל א וואָרט, ווער שטעלט די פראגע?..

די כוטעראנצעס האָבנ זיכ איבערגעקוקט אונ אלע האָבנ גע־

וואָרפֿן ווייערע בליקן אַף סימכען. קיינער האָט זיך ניט אָנגע־
רופֿן. סימכע האָט זיך פֿארוקט הינטער עמעצנס א פּלייצע.

— ווער וויל א וואָרט?—האָט עלקע איבערגעיכאַזערט,—דאַכט
זיך, אַז סימכע בערעזינ האָט עפּעס געזאָגט. כ׳רעכן, אַז מיר
וועלן געבן א וואָרט... בערעזינען.

— ריכטיק!

סימכע האָט זיך אראָפּגעזעצט, ער האָט דערפֿילט געדיכטע
טראָפּנס שווייס אַפֿן גאַנצן פּאָנעם, זיך געוואָלט ארויסרוקן, נאָר
ער האָט אנטקעגן בא דער טיר באמערקט דאָוויד-בערגן.

— אונדז, כאַווײרים,—עלקע האָט ניט אראָפּגענומען די אויגן
פֿון סימכען,—איז די פֿראגע קלאָר. קעגן כאָנצען האָט מען דאָ
פֿארשפּרייט רעכילעס. סע איז ניט נאָר קעגן כאָנצען, סע איז
קעגן אונדז אַלעמען, קעגן דעם קאָלעקטיוו... עמעצער שלאָפֿט
דאָ ניט. נאָר דאָס איז איצט ניט וויכטיק. א וואָרט וועגן דעם
האָט בערעזינ... קומט ארויס אהער נעענטער.

סימכע האָט זיך עטלעכע מאָל אופֿגעהויבן און צוריק אוועקגע־
זעצט. ער האָט זיך אַף דעם ניט געריכט, שטארק פֿארלוירן זיך
און אָנגעהויבן שטאַמלען:

— וואָס פֿרעגט איר מיך... איך ווייס פֿון גאָרניט. איך האָב
גאָרנישט ניט גערעדט און ווייס פֿון גאָרניט. אדעראבע...

— הייסט עס, אַז סע איז רעכילעס,—האָט עלקע אים איבער־
געשלאָגן,—אזוי מיינט איר, צי ניט?

— איך ווייס פֿון גאָרניט,—האָט ער אַלץ געשטאַמלט,—אדע־
ראבע, זאָג איך, וואָס עס איז שײַעך כאָנצען, איז אדעראבע..

— הייסט עס, אַז סע שטאמט דאָ פֿון עמעצן אנדערש, מירן
קלאָר מאכן... מירן קלאָר מאכן...

— ער אַליינ האָט געזאָגט,—האָט עמעצער אויסגעשריִען,—וואָס
ברײַעסטו איצט...

— אַף אונדז וויל ער ארויספּאָרן.

— אָט א חונס, אַליינ בילט דאָס...

— ער האָט גערעדט!
— ער!..
— מיר ווייסן פון גאַרניט.
— באַלעגופּ דו מיִעסער! קולאַק!
עלקע האָט זיך אוועקגעזעצט און אָפּגעלאָזט די לייצעס.
— זאָלן זיי טראָגן. ס'וועט שוין זײַן רעכט!..

יאַנקעוו אַקסמאַן האָט אַרויסגעוואָרפן היפּשע לאָפּעטעס ליים. ער איז שוין געשטאַנען טיף אין דער גרוב. פּלוצלינג האָט כיענע הינטער דער קלוניע אָנגעהויבן הוסטן. ער האָט אַרויסגעלאָזט די לאָפּעטע פון די הענט, זיך אײַנגעהערט און נאָכדעם אַפּ די שפּיץ פינגער אַרויס.
— תּאָסי,—איז ער צו איר צוגעפאַלן,—וואָסי, הא?..
— גאַרנישט... אַ געדשטן איז מיר אין האַלדז אַרײַן... גיי, גיי, וואָס געדויערט דאָס בא דיר. מע קערט דאָרטן וועלטן,—האָט זי אָנגעוויזן אַפּן רויטן ווינקל,—ביז דו וועסט זיך נאָך אויסקלײַבן, כאַסוועכאַלילע...

ער איז צוריק אַרײַן אין דער פינצטערער קלוניע און זיך אַראָפּגעלאָזן אין גרוב. באַלד האָט ער אָנגעטאַפּט די זעקלעך.
אזא ווייץ איז גאָר אַ שאָד אַרויסצופירן,—האָט ער אַ טראַכט געטאָן. ער האָט זיך שטאַרק אײַנגעבויגן, עטוואָס אַ קרעכץ געטאָן און אַרויסגעוואָרפן אַ זעקל מיט ווייץ איבערן גרוב. נאָכדעם האָט ער אָנגעכאַפּט פאַרן קאָלנער אַ צווייט זעקל,—ע־כע־כע,— האָט ער אין זיך אַ זיפץ געטאָן,—די אייגענע ווייץ דאַרף מען גאַנווענען. אַ וועלט איז דאָס געוואָרן...
אין דער פינצטער האָט ער מיט די געניטע הענט אָנגעלייגט אַוואָגן מיט ברויט, אַרומגעלייגט גוט מיט שטרוי און איז פאַרמעלעכ אַרויס פון קלוניע.
— קום, לאָמיר נאָכאַמאָל אָנמישן די פערד,—האָט ער קוים וואָס אַ רוף געטאָן כיענען,—מירן אַליין אויבן עפּעס איבערכאַפּן.

זאָלסט מיר דערמאָנען אַראָפּנעמען די קייט פון דער מיל...—ער האָט זיך ארומגעקוקט,—ביז פאַרטאָג וועל איך, דאכט זיך, אָנטרייבן...

עלקע האָט דערפילט אַן אינעווייניקסטע שטאַרק־צעבויטעטע פרייד. זי האָט געפילט אַן איבערפלוס פון געדאַנקען, וואָס האָבן אַלץ געכוואַליעט מיט א נייער קראַפט.

זי האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם.

— אַפּ צוריק, כוטעראַנצעס, איז פאַר אונדז קיין וועג ניטאָ, דערמאָנט זיך, כוטעראַנצעס, אָנעם שולץ, אָן דער אָרעמקייט... וואָס האָט איר פאַר איייער לעבן דאָ אָנגעלעבט, אייערע זיידעס האָבן נאָך דאָ געריסן די ערד, און איר מאַטערט זיך נאָך ביז היינטיקן טאָג יעדערער אַפּ זיין ברעקעלע מעזשע. לאָמיר נעמען כעמע טראַסקון, וואָס האָט ער, וויאַזוי לעבט ער, וואָס פאַר א לעבן איז דאָס...

— ער איז א פּוליאַק.—האָט סימכע בערעזינ זיך נים געקאָנט איינ־האַלטן און א בורטשע געטאָן. אים האָט שוין פאַרדראָסן, נאָר סע איז געווען צו שפּעט.

עלקע האָט זיך אָנגעצונדן מיט א שרעקלעכן האַס, וואָס קיי־נער האָט דאָס אַפּ איר ביז איצט ניט באַמערקט.

— כעמע טראַסקון איז א פּוליאַק?... א פּוליאַק... און קאַל־מען זאַהאָט, וואָס האָט ער? ער איז אויך א פּוליאַק? און שיִע קוקוי, ער איז אויך א פּוליאַק, און דאַוויד־בער איז א פּוליאַק און וואָווע דרויאַן, און ער, און ער... און ער... איר אַלע זייט פּוליאַקעס, אַזוי וויל סימכע בערעזינ... איר אַלע האָט ניט קיין גערשטן־ברויט, איר גייט אַרום אַלע אָרומגעריסן, הייסט דאָס, אַז איר זייט אַלע פּוליאַקעס, נאָר סימכע בערעזינ איז ניט קיין פּוליאַק. ער עסט ווייסע ברויט, ער האָט א הויפּ מיט פּי, ער האָט א טשע־רעפּיצענע שטוב, ער האָט פולע קלוניעס, ער האָט אַלץ... יאַנקעוו אָקסמאַן האָט אַלץ, נאָר עפּשער, כוטעראַנצעס, האָט עמעצער פון איייך געאַרבעט אַפּ זיי, עפּשער וועט איר זיי דערמאָנען. עפּשער וועט איר...

די כוטעראנצעס האָבן זיך מיטאמאָל א וויג געטאָן פון די ערטער. סע האָט אלעמען דורכגענומען א ציטער. זיי האָבן זיך אויסגעדריים צו סימכען.

— כוטעראנצעס,— האָט עלקע ניט אָפּגעלאָזט דאָס שנירל.— כוטעראנצעס, שוין איצט מאכן א סאָף צו דער באלעגופישער עקספלואטאציע, איינמאָל פאר אלע מאָל, דער כאווער לעניג האָט געזאָגט, אז דער אָרעמפויער און מיטלפויער... פארשטאנען? וואָס זשע קוקן מיר זיי אין די ציין...

— ווייסט איר גאָר וואָס,— האָט קאלמען זאָהאָט א קנאק געטאָן אין טיש,— פארשרייבט מיך אין קאָלעקטיוו...

— קאַלמען...— האָט די ווייב פון די הינטערשטע רייען אויסגעשריִען,— ווי איז צו מיר, וואָס טוסטו?!

— כאוויירים,— האָט עלקע אופגעציטערט,— קאלמען זאָהאָט גייט מיט אונדז, מיר וועלן דאָ אויסבויען אזא לעבן, וואָס איר האָט זיך קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט... דאָס באלעגופנטום וועלן מיר ליקווידירן אלס א קלאס... דער איינציקער אויסוועג פאר אונדז איז דער קאָלעקטיוו, נאָר דער קאָלעקטיוו, כאוויירים. קאלמען זאָהאָט איז א מענטש, וואָס פארשטייט אין דער ווירטשאפט...

— פארשרייבט מיך...

— פארוואָס פארשרייבט איר מיך ניט,— האָט געשריִען חאָווע דרויאנ.

— מיך נעבן אים,— האָט זיך געהויבן פון אָרט ליפע זאיִקע.

— מיך...

— פארשרייבט שיִע קוקוי... קוקוי...

— סמעקון...

— קוקוי...

שעפטל קאָבילעצ איז געבליבן זיצן איינער צווישן טומל, מיט א הארץ אפ צעפיקעניש.

— כאוויירים, מירן פארשרייבן... אונטער דעם זשאָרניטשער בערגל ליגט אָקסמאנס קלינ. ער האָט אים גענומען אין ארענדע,

און דער קליין איז האיאָר בא אָקסמאנען געלעגן ניט באַארבעט, און בכלל, די ברויט-פאַרדרייטונגען...

פון ווינקל האָט זיך אופגעהויבן מאַטוס.

— די פאַרזאַמלונג איז ניט וועגן אָקסמאַנען... און, אגעוו, דאַכט זיך מיר, קאָנען אַלע אָקסמאַנען... סע איז א שטילער מענטש, און כ'וואָלט זאָגן זייער אַן אָרנטלעכער, דאָס ברויט האָט ער פאַראיאָרן אָפּגעגעבן ביזן לעצט, מיר ווייסן אַלע וועגן דעם, וואָס ווילן מיר נאָך, ער איז א גוטער באַלעבאָס, מען קאָן דאָך ניט אַזוי...

— כאַווער מאַטוס, איר האָט קיין וואָרט ניט, איר'ט ניט גע-בעטן קיין וואָרט, מאַטוס!...— און זי האָט זיך דערפילט, ווי זי וואָלט יאָגן מיט א וואָגן אַפּ א הויכן באַרג, אָט-אָט איז זי דאָרט און נעבן סאַמע שפּיץ באַרג האָט דער וואָגן זיך פאַרשטשעפּעט און האָט זיך א קויקל געטאָן פאַמעלעך אַפּ צוריק...

זי האָט זיך פאַרלאָרן און זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן אַפּן פּרעזידיום, ווי זי וואָלט בעטן הילף, נאָר קיינער האָט איר ניט געענטפערט. א געדיכטער שווייס איז איר אַרויסגעטראָטן אַפּן שטערן.

— כ' מאַטוס!—האָט זי געקלאַפּט איבערן טיש,—כאַווער מאַטוס!..

נאָר אינ רויטן ווינקל איז שוין געשטאַנען א מעסוקענער טומל, אויסגעמישט אינ מאַכאָרקע־רויך. די כוטעראַנצעס האָבן זיך גע־ריסן פון די בענק. ס'האָט פון זיי אַרויסגעשלאָגן דער ערדישער ווייטעק, די פאַרשאָלטענע האָרעוואַניע, זיי האָבן נערעוועט, ווי מע וואָלט זיי געשטשאָבעט מיט בייטשן און זיי האָבן פאַר־טויקעט מאַטוסן, ווי ער וואָלט זיי אַלעמען ביז בלוט באַליידיקט.

— וואָס פאַרדעקסטו אים, פּאָדקולאַטשניק דו, מיר ווייסן דיך,—מיר האָבן נעכטן געזען בערעזינען בא דיר.

— מיר ווייסן!...

— אַנטבאַלעגופּעווען זיי!...

— בא זיי איז פאַרגראָבן דאָס ברויט.

— און מיר פּייגערן אַוועק...

— ס'איז ניט זייער ברויט, אי דאָס!...
— מיר האָבן געהאָרעוועט...
— כ'בין אכט יאָר בא אים אויסגעריסן געוואָרן...
— כ'האָב מער פאר דיר געהאָרעוועט בא אים!
— אונדזער בלוט ליגט אין זיינע קלוניעס...
— אנטבאלעגופעוועגן!
— ס'איז אונדזערס.
— שוין אנטבאלעגופעוועגן!
— שוין!...
— רויִקער! — האָט עלקע געקלאפט אָן טיש און ניט געוווּסט וואָס צו טאָן, — כאווײרים, ווער וויל אריין אין קאָלעקטיוו, כא־ווײרים, ווער וויל אריין...

אין ענגן צימער איז אויסגעוואָקסן א וואלד מיט הענט, מיט גראָבע שווארצע הענט, וואָס האָבן א לעבן זיך אָפּגעריבלט מיט די נעגל אין דער פייכטער ערד און האָבן איצט אונטערגעציטערט פון שטענדיק הונגערן. אלע האָבן זיך אויסגעדרייט מיט די אויפ־געהויבענע הענט צו איר, ווי יעדערער וואָלט וועלן, אז מע זאָל אים גיכער באמערקן. ס'איז געוואָרן שטילער.

— הייסט דאָס, אלע... א דורכויסיקער קאָלעקטיוו, — האָט עלקע צעטראָגן זיך ארומגעקוקט, — אויסער, ווער איז דאָרט... סימכע בערעזין און שעפטל קאָבילעץ.

עלקע האָט זיך געסטארעט ריידן וויַיטער, קעדיי עמעצער זאָל זיך ניט אריינרייסן אינמיטן.

— איצט, כאווײרים, האָט מען אריינגעטראָגן א פאָרשלאג אנטבאלעגופעוועגן יאנקעוו אָקסמאנען און בערעזינען...

— אנטבאלעגופעוועגן! — האָט זיך צעטראָגן א געשריי איבערן צימער.

— אנטבאלעגופעוועגן און ארויסווארפן פון כוטער!

— ווער איז פאר דעם, אז מע זאָל אנטבאלעגופעוועגן אָקס־מאנען?...

די כוטעראַנצעס האָבן זיך אופגעהויבן פון די ערטער, וו־ס׳האָלט אינ זיי אופגעריסן דער האס און זיי קאָנען אים שוינ ניט איינצוימען.

— און ווער איז, אז מע זאָל סימכע בערעזינען...

— אנטבאַלעגופעווען!

— אנטבאַלעגופעווען! — האָבן זיך אופגעהויבן די הענט, אָנגע־גאָסענע מיט האס און מיט ציטער.

— כאַוויירים! האָט קאָפּלדינער א קנאַק געטאָן אינ טיש — כאַוויירים, כ׳לייג פאָר זינגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל"...

— זיי וועלן אַנטלויפן, לאָמיר שוינ גיינ!...

קאָפּלדינער האָט אָנגעהויבן זינגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל". נאָכ אים האָבן פארזונגען די כוטעראַנצעס. עלקע האָט פאַמעלעכ אראָפּגעדרייט דאָס לעמפּל, און זיי האָבן מיט א געזאַנג א שפּאַר געטאָן פון רויטן ווינקל.

כעמע טראַסקון האָט געפירט מיט זיכ סימכע בערעזינען. דער גאַנצער כוטער איז געגאַנגען צו אָקסמאַנס הויף. פאָרויס איז מיט גיכע טריט געגאַנגען עלקע רודנער.

בא יאַנקעוו אָקסמאַנען אינ כאַטע האָט קיינ פייער ניט גע־ברענט. ער האָט אינ דער פינצטער איבערגעכאַפּט און איז אוועק צו דער ווינטמיל.

פונדערווייטן האָט ער געהערט דעם טומל אינ רויטן ווינקל און דערפילט אַלץ א גרעסערע אומרויִקייט.

— כאָטש וואָס פריִער אוועקפאָרן, — האָט ער גיכ אראָפּגענומען די קייט פון דער ווינטמיל און איז אוועק שפּאַנען די פערד.

— וואָסי שייעכ, וואָסי שייעכ, — האָט זיכ בא אים געטרייסלט יעדער אָדער, — וואָס מע קאָן, דארפ מען ראַטעווען... דער לעצ־טער שולץ ביז איכ געווען דאָ אינ כוטער, און כ׳וועל שוינ דאַכט זיכ, זיין דער לעצטער באַלעבאָס... ס׳העט שוינ, דאַכט זיכ גאָר ניט העלפן...

ער האָט אריינגעפירט דעם וואָראָנאָי אינ קלוניע און צוגע־

מאכט די טיר. כיענע איז ארויס צום טויער. זי האָט זיך אָפּגע-שטעלט נעבן ווײַנשל־פּאָליסאדניק.

אין רויטן ווינקל האָט אַלץ געברענט דאָס פֿײַער.

— וואָס געדויערט דאָס בא אים, כאָטש גיכער זאָל ער שוין אויפֿקאָרן,—האָט זי זיך געטרייסלט. נאָכדעם האָט זי א טראכט געטאָן:

— עפּשער זאָל זי אים הייסן קויפֿן ציץ אָף א קאפּאָט, ער האָט איר שוין לאנג צוגעזאָגט...

פּלוצלונג האָט זי דערהערט א שטארקן כומל און געזאנג נעבן דעם רויטן ווינקל, און זי האָט באמערקט ווי א שווארצע מאסע האָט זיך באוועגט פֿינקט אהער, צום פּאָליכאדניק.

— אוי, ווײַ איז מיר,—האָט זי אויסגעשריִען, געלאָזט די פּאטשיילע און זיך געלאָזט צו דער קלוניע.

דער ברייטער הויף איז פֿול געוואָרן מיט כוטעראנצעס.

מע האָט אופּגעריסן די ברייטע קלוניע־טיר, און די כוטעראנ-צעס האָבן א שפּאר געטאָן אהין.

כאָנצע האָט אָנגעצונדן פֿײַערן. נעבן א פֿול אָנגעפּאקטן וואָגן מיט ברויט איז שרעקלעך צעטומלט ארומגעלאָפֿן יאנקעוו אָקסמאן. נעבן דישל איז א האלב אָפּגעשפּאנטער געשטאנען דער וואָראָנאָי און געשמעקט די פּאָלאָווע.

— אין דר׳ערד מײַן קאָפּ!—האָט אים קאָפּלדינער א זעץ געטאָן מיט דער לאָפּעטע און ארויסגעיאָגט פֿון קלוניע.

כאָנצע האָט אָנגעצונדן א צווייטע שטעבעלע.

נעבן וואָגן איז געלעגן נאָך ניט קיין פֿארשאָטענע גרוב מיט היפּש זעקלעך ווייץ...

## דרײַסיקטער קאַפּיטל

אין הויף איז דער טומל געוואָרן אַלץ שטארקער און שטארקער.

— זעכציק זעקלעך... זעכציק זעקלעך!..—האָט זאָהאָסט יידענע געשריִען און געכאפּט זיך באַם קאָפּ,—אויסקרענקען זאָל ער דאָס!..

— אן אמבאר מיט ברויט, א בליץ אים אין האַרצן!..

— אונדזער ברויט, און מיר פייגערן פאר א סקאָרינקע...

— אויסקויקלען זאָל דאָס אים...

— שא, וואָס שילט איר אים,—האָט א ייִדענע געמאַכט מיט די הענט,—איר נעמט דאָך סיַיווי צו...

— אזא מאַקע אים אין האַלדז, וויפל ס'איז נאָך פאַרגראָבן.

— ס'פּוילט נאָך געניג!..

— כאָנצע...

— קאָפּלדיינער, אהער!

די כוטעראַנצעס האָבן זיך צעשאָטן איבער דער קלוניע, צווישן די סטערטעס און אין שטאַל.

— אָט זיַינען דאָך פון דער מיל...—איז כעמע טראַסקון ארויסגעלאָפן פון דער קלוניע מיט די שרויפן פון דער ווינט־מיל...

אפן שטוב־בוידעם האָט זי אופגעהויבן א גרויסער טומל. דאָווידבער האָט פון לייטער אראָפּגעשריִען:

— ייִדן, א בוידעם מיט פלאַקס, א פולער בוידעם, ייִדן, אהער!..

— פעל, פערדישע פעל!..

— עפל...

אָקסמאַן איז געבליבן זיצן, ווי א פּריטשמעליעטער אפן דישל און מיט סאַמעוואַטע אויגן געקוקט אפן אופגערודערטן הויף כוטעראַנצעס...

עלקע רודנער האָט פון אונטער די טוכלע געראָטן־שטרוי ארויסגעשלעפּט א הילצערנעם קאַסטן. בא איר האָבן זיך געטרייסלט די הענט. איר האָט זיך געדוכט, אז אין קאַסטן ליגן ביקסן, און דעריבער האָט זי אלייִן געשלעפּט און געוואָלט דאָס פּלוצלונג אנטדעקן פאר די כוטעראַנצעס.

ווען מע האָט אופגעריסן דעם קאַסטן, האָט זיך דאָרט בורלאַק א כאַפּ געטאָן, ווי מע וואָלט אים דערלאַנגט מיט א ווילע אין זיַיט.

— ייִדנ, מײַנע סטרומענטנ... מײַנע הובעלס... נײַיִנקע סטרו-
מענטנ...

— אוי, א בראָכ צו מיר,—האָט זיכ שיִע קוקויס ייִדענע א כאפּ געטאָנ, ווענ עלקע האָט פונ קאסטנ ארויסגעשלעפּט א פעלצל,—ס'איז דאָכ מײַנ קינדס פעלצל, לעמעכ, לעמעכקע!..

— לאָזט מיכ,—האָט זיכ געשטופּט א ייִדענע,—זוכט אופּ מײַנע לײַכטער, פאראיאָרנ האָב איכ בא אים פארלייגט, פארלייגנ זאָל מענ אים!..

אלע האָבנ זיכ געשטופּט ארומ דעמ קאסטנ, אונ יעדערנ האָט זיכ געדוכט, אז ער וועט עפּעס דערקאָנענ זײַנס...

מאטוס איז געשטאנענ אָנ א זײַט. מיט א צעבראָכנ שוועבעלע האָט ער זיכ קוימ וואָס געפּאָרקעט דעמ באקצאָנ אונ זיכ געער-
גערט.

— שטענדיק קומט בא מיר אויס עפּעס אזוי, אז ווער זאָל זיכ ריכטנ, דאכט זיכ, א שטיל, אנ ערלעכ מענטשל... ווער זאָל דאָס וויסנ...

די כוטעראנצעס האָבנ זיכ אלע געקליבנ ארומ עלקענ. מע האָט געקוקט אפ איר מיט פרעגנדיקע אויגנ, ווי זיי וואָלטנ ווארטנ, וואָס זי וועט הייסנ טאָנ.

— כאוויירימ,—האָט שפּעטער עלקע אופּגעקליבנ די כוטעראנ-
צעס,—דערווײַל האָבנ מיר געפּאקט זעכציק זעקלעכ ווייץ, א דרײַ הונדערט פונט פלאקס, דרײַצנ פעלנ, וואָס פאר א פאָרשלאגנ זײַנענ...

די כוטעראנצעס האָבנ זי ניט געלאָזט פארענדיק.

— דער מעלוכע!..

— אינ הוליײַפּאָליע!..

— דער פּארטיע!..

— דער פּארטיע, דער פּארטיע!—האָבנ אלע איבערלעכ באגײַס-
טערט אויסגעשריִענ, אונ יעדער האָט דערפּילט עפּעס אזעלכעס, פונ וואָס ער האָט קיינמאָל ניט געוווּסט, אונ ער איז גרייט געווענ טאָנ איצט אלצ, וואָס זי, די כאוועריטע רודנער, וועט הייסנ...

שפעטער האָבנ די כוטעראנצעס א שפּאר געטאָנ צו סימכעס בערעזינס הויפ. פריִער פאר אלעמענ זײַנענ צוגעגאנגענ עלקע, קאָפּלדינער אונ כאָנצע. הינטער זיי האָט כעמע טראסקונ געפירט בערעזינענ. סימכע איז קוימ געגאנגענ. ער האָט געפילט, ווי די קניִעס האָבנ זיכ ארויסגעגליטשט פונ די קני־בעכערלעכ, אונ אָט קוליעט ער זיכ איבער. נאָר ער האָט זיכ די גאנצע צײַט געסטארעט אײַנהאלטנ א שמייכל אפ דער באָרד אונ באוויַזנ, אז ער איז פולקאָמ רויִק, אינגאנצנ רויִק איז ער. וואָס האָט ער זיכ צו שרעקנ?

דער גאנצער כוטער איז אנ אויפגעברויזטער געגאנגענ הינטער זיי. אלע האָבנ מיטאמאָל עפעס דערפילט אונ דערזענ דאָס, וואָס זיי האָבנ ביז איצט ניט באמערקט. זיי האָבנ איצט דערפילט א מעסוקענעמ האס צו דער אייגענער אָרעמקייט, צו אָקסמאנס עקספּלואטאציע, צו בערעזינס רײַכנ באלעבאטישנ הויפ, צו זייער רויִקנ אונ זאטנ לעבנ.

— איכ האָב געננוג אפ אימ געהאָרעוועט!

— מיר גייענ אויס פאר הונגער, אונ בא אימ טיכלעט דאָס ברויט!..

— מיט אונדזער האָרעוואניע ספּעקולירנ זיי...

— ליקווידירנ אונ האָדיע!..

— כאווײרימ, רויִקער — האָט עלקע זיכ אויסגעדרייט צו זיי נעבנ סימכעס בערעזינס הויפ, — קאלמענ זאָהאָט, קומט, איר׳ט אויכ מיט אונדז ארײַנ. ווו איז בערעזינ?..

סימכע איז זיי נאָכגעגאנגענ מיט ציטערנדיקע טריט. ער האָט אָנגעצונדנ דעמ לאָמפּ אונ ניט געקאָנט אײַנהאלטנ דעמ שרעקלעכנ ציטער אינ די הענט.

— אפ וואָס, לעמײַ זאָל איכ באהאלטנ פונ אײַכ. אדעראבע, לעמײַ זאָלנ זיי מיינענ. צו אײַכ האָב איכ גאָרניט, כ׳ווייס, אז איר וועט מיר ניט... אײַער זאכ איז זוכנ, איז אדעראבע... מיסטאָמע... מיסטאָמע האָט מענ דאָכ אײַכ געהייסנ, נאָר כ׳זאָג אײַכ בענעמאָנעס...

— אונ אויב מירנ געפינענ?—האָט זיכ אינ עלקעס גרינע אויגנ באַוויזנ א בײַסיקער שמייכל.

— וואָס הייסט, כ׳זאָג אײַכ דאָכ בענעמאָנעס, לעמײַ זאָל איכ ליגנ זאָגנ? כ׳בינ דאָכ ניט יאנקעוו אָקסמאנ... ער האָט טאקע עקספּלואטירט זיי, זאָל זאָגנ כעמע... אדעראבע: איר ווילט זוכנ, זוכט... איר׳ט געפינענ, נעמט, נעמט... כ׳ל אליינ אָפּגעבנ, נאָר כ׳זאָג אײַכ...

אינ שטוב איז גאָרניט געווענ.

כעמע טראסקונ איז ארופגעקראָכנ אפנ בוידעם אונ באלד אראָפּ.

— ס׳איז ניטאָ. כאָטש איינמאָל אנ עמעס געזאָגט, רעב סימכע, אָבער קאָמנעזאמסקע פערד האָט איר?..

סימכע איז געוואָרנ דרייסטער אונ זיסלעכ געשמייכלט.

— וואָסערע פערד, לאכסט פונ מיר... וויפל פערד האָב איכ דאָס?...

— ווילינאָוו האָט די שקאפע, דאכט זיכ, פארזעצט בא אײַכ...

עלקע האָט זיכ געלאָזט צו דער טיר. נעבנ א ברייטנ אונ שטארק אויסגעמאָליעטנ אלמער האָט זי זיכ אָפּגעשטעלט, באקוקט פונ אלע זײַטנ אונ א ווונק געטאָנ אפ דער ערד.

דער אלמער איז געשטאנענ אפ א ברייטער ברעט.

סימכע איז פלוצלינג שטארק צעטומלט געוואָרג אונ אָנגעהויבנ רוקנ זיכ מיטנ לאָמפּ צו דער טיר.

— איר ווילט דאָס פערד, אדעראבע, נאט אײַכ דאָס פערד... איכ דארפ אים ניט, לעמײַ זאָל איכ זאָגנ, קומט, קומט...

— אז כ׳וועל אײַכ רופנ, וועלנ מיר גיינ,—האָט עלקע זיכ צוגעזעצט.—אײַלט זיכ ניט אזוי, איר זײַט דאָכ בערוויַל בא זיכ אינ שטוב... איז קיינ ברויט, זאָגט איר, האָט איר ניט?... א שאָד... אונ די מעלוכע דארפ איצט אזויפיל ברויט. מיר דארפנ איצט אזויפיל טראקטערס, קאָמבײַנענ... רוקט, זײַט אזוי גוט, אָפּ דעם אלמער...

סימכע האָט זיך א וואקל געטאָן און זיך ניט געריִרט פון אָרט. קאַלמען זאַהאַט און כעמע טראַסקין האָבן מיט די פּלייצעס זיך אונטערגעשפּאַרט אונטערן ברייטן אַלמער און אים אָפּגערוקט אָן א זייט.

— וואַסי, וואַסי...—האָט סימכע זיך געטרייסלט מיט דער ברייטער רויטלעכער באָרד.— וואָס ברעכט איר מיר דעם אַלמער? וואָס פאַר א גאַזלאָוויסטוואַ, וואָס ווילט איר פון מיר?... נאַט, עפנט אים, קוקט...

די ברייטע ברעט, וואָס איז געלעגן אונטערן אַלמער, האָט א טרעשטשע געטאָן. זיי האָבן זי אָפּגעשליידערט. אונטער דער ברעט זיינען געלעגן צעשפּרייט עטלעכע זעק, און אונטער די זעק איז די ערד געווען ווייך און ס'האָט געטראָגן א שימלעקייט.

— ברענגט אריין א לאָפּעטע,—האָט עלקע קאַלטאַבלוטיק און עסוואָס אויפגערעגט זיך אָפּגערופן. זי האָט געזען, ווי סימכע בער־רעזין איז געל געוואָרן, ווי ס'האָבן אים געטרייסלט די ליפּן, און ער האָט ניט געקאָנט ריידן, און ס'האָט איר א קלאַפּ געטאָן עפּעס א מאָדנער געפיל. ס'האָט איר האַנאָע געטאָן. איר האָט זיך דעמאָלט אויסגעדוכט, אז ס'שטייט פאַר איר ניט סימכע בערעזין, סע שטייט פאַר איר א גאַנצער קלאַס, און זיי ליקווידירן אים איצט...

— טראָגט אריין די לאָפּעטע,—האָט זי טרוקן איבערגעכאַזערט און א ווונק געטאָן צו כעמען,—וועסט אריינרופן א פּאָר קאָל־ווירטניקעס.

הינטער די זעק איז געווען אָפּ א לאָפּעטע די טיפע געלע ליים, און נאָכדעם איז אוועק, ווייס־ווייס ריינער זויבערער ווייץ. ס'האָט מער ניט אביסל געשטשליעט שוין.

שפּעט באַנאַכט זיינען די כוטעראַנצעס ארויס פון הויף. ווען זיי זיינען שוין געווען אינמיטן גאַס, איז סימכע ארויסגעלאָפן צו דער קאַנאַווע, געמרוקעט און געריסן זיך די געלע באָרד.

— ראביאָזש!... גאהײַצעס!... ראביטעלעס!... א נאקעטנ האָבנ זיי מיכ געלאָזט... די ראביטעלעס... פארוואָס נעמט איר פונ אימ ניט.—האָט ער אָנגעוויזנ פונדערווײַטנ אפ יודל פיסקונ,—גיט א קוק, וואָס סע טוט זיכ בא אימ אונטער די סטערטעס! אויב געמען... גאנעוו דו, דו ביסט נאָכ געקומענ צו מיר ראבעווענ,—האָט ער נאָכגעשריִענ יודל פיסקונ, וואָס איז געגאנגענ צווישנ די כוטראנצעס.

נאָר ס'איז געשטאנענ א טומל, יעדערער איז געווענ איבעראשט, אינ קיינער האָט גאָרנישט ניט דערהערט.

— אזוי האָט איר געארבעט,—האָט עלקע א קוק געטאָנ טרוקנ אפ כאָנצענ, אונ זי האָט דערפילט צו אימ א שטארקנ אומצופרוי,— מע דארפ אײַכ אלעמענ... פאר אזא ארבעט. א כוטער שטארבט פונ הונגער, מע פילט ניט אויס די ברויט־פארגרייטונגענ, אונ דאָ...

אונ זי האָט א טראכט געטאָנ, אז דער קאָלעקטיוו וועט דארפנ מאָרגנ אויסטיילנ א רעווידיר־קאָמיסיע אונ איבערוועגנ דאָס ברויט אינ אמבאר.

אראָפ עפל־גאָרטנ האָבנ דורכגערעדערט שווער אָנגעלאָדענע וועגענער. אינ דעמ באנאכטיקנ כוטער האָט זיכ ארײַנגעשניטנ א לאנגע ברויט־וואלקע.

— ווידקיליא?... האָט עלקע זיכ איבערגערופנ.

— פונ קאָוואלעווסק!.. די ערשטע וואלקע...

דער ערשטער וואָגנ מיט דער פאָנ האָט זיכ פאמעלעכ מיט א סקריפ אָפגעשטעלט אונ נאָכ אימ די איבעריקע.

— וואָסי דאָ בא אײַכ!...

— גאָרניט,—איז עלקע צוגעגאנגענ צומ וואָגנ,—מיר האָבנ אנטבאלעגוגעווען... א, וואָס מאכסטו?—האָט זי אימ דערקאָנט,— וואָס מאכנ דאָרט אונדזערע?...

— דאָס, וואָס איכ מאכ, מאכנ זיי... וויבאלד ס'איז א קאָלעקטיוו, איז אלצ איינס,—ער האָט א פײַפ געטאָנ צו די פערד, אונ

דער וואָגן האָט א טרעשטשע געטאָן מיט די אקסן און נאָך א־מ
האָבן זיך געדירט די איבעריקע וועגענער.

עלקע האָט דערפילט עפעס אן אינווייניקסטע שטארקע פרייד,
אָט פירט מען שוין רויטע וואלקעס. אפ אלע שליאכן ציִען זיך
איצט פול־אָנגעלאָדענע פורן צום עלעוואטער. איר דוכט זיך, זי
זעט איצט פאר זיך דעם גאנצן סאָוועטנפארבאנד, פאר איר וואקסן
אויס ריזיקע פאבריקן און זאוואָדן, און יעדע מינוט פויזעט אראָפ
פונעם קאָנווייער א שטאָלענער טראקטער, הוידעט זיך אוועק
איבער די כוטערן און רײַסט אופ דעם קאטראן מיט דער ווילדער
באבקע. זי זעט, ווי ס'רײַסן זיך אופ די מעזשעס...

זי האָט זיך נאָך קיינמאָל ניט געפילט אזוי דרייסט און מוטיק,
נאָר גלײַכצײַטיק האָט זי עפעס אינווייניק געפײַניקט.

— זיי פירן שוין, און מיר זײַנען נאָך ווו... מאָרגן פרי וועט
מען דארפן גוט אָרגאניזירן, אז יעדערער זאָל האָבן אן ארבעט,
און מע וועט דארפן גלײַך אָנהייבן ארויספירן אָקסמאנס און בע־
רעזינס, גלײַך צום עלעוואטער...

די כוטעראנצעס זײַנען זיך אייניציקווײַז צעגאנגען איבער די
הויפן, און זי האָט זיך האסטיק פארדרייט פארבײַ דעם רויטן
ווינקל און זיך גענומען צו כעמע טראסקונען. אינעם רויטן ווינקל
האָט דער בלעכענער וואנט־זייגער אויסגעקלאפט פיר הייזעריקע
קלעפ.

אפן ברעג כוטער נעבן דער צעבראָכענער ווינטמיל האָט גע־
קרייעט דער ערשטער האָן.

## איין־און־דרײַסיקסטער קאפיטל

דער הימל האָט זיך אומבאמערקט אָנגעהויבן אָפט כמארען און
הארבסטיק אונטערמאראקען. דער קאָלעקטיוו האָט יעדן טאָג ארויס־
געקוקט אפן הימל, און יעדן טאָג זיך פארוועט אפ גיכער אָפ־
דרעשן די לעצטע האָבער, ס'האָבן זיך פארוועט די בריגאדע בא

דער דרעש־מאַשין מיט דער בריגאַדע, וואָס האָט געהויבן דעם פּאַר. פריער האָט יעדער פון זיי געהאַלט דעם טראַקטער, נאָכדעם האָט מען אײַנגאַנצן פאַרגעסן אָן אים, מע האָט זיך אַרײַנגעצויגן, און יעדערן האָט זיך געוואָלט באַזיגן דעם אַנדערן.

א ברייטע שטיק זשאַרניטשער קלין איז שוין געלעגן מיט אופגעריסענע שוואַרצע האָנעס, וואָס האָבן זיך אַוועקגעשלענגלט ווײַט איבער די געוועזענע מעזשעס. איין פּאָר פערד נאָכן אַנדערן האָבן אונטערגעשמיסן מיט די לאַנגע עקן און אָנגעשטרענגט געשלעפּט די בוקערס.

און אפן ברעג כוטער אין געוועזענעם אַקסמאַנס הויף האָט געהודזשעט דער טראַקטער און מיט א לאַנגן שוואַרץ־גלאַנציקן פאַס באַוועגט די פאַרסאָפּעטע דרעשמאַשין.

אין הויף איז געווען טומלדיק. די פערד, באַשאָטענע מיט פּאַלאָווע, האָבן אָפּגעשלעפּט די שטרוי מיט די לאַנגע פאַרוואָרפענע דראַבנ איבער דער סקירדע ווײַט־ווײַט נאָך דער קלוניע. אַלע ווײַלע זײַנען אָנגעפּאָרן פולע האַרבעס מיט האָבער און געפײַפט, אז מע זאָל וואָס גיכער צולאָזן צו דער רוישיקער און שטויבישער דרעש־מאַשין.

אפן כוטער איז געווען שטיל, טויט שטיל. די הויפן זײַנען געווען פּוסט און אָנגעהויבן אַרומוואַקסן מיט גראָז. אַלע כוטעראַנצעס זײַנען געווען אפן קאָלעקטיוון פאַר און אין קאָלעקטיווהויז באַם דרעשן.

שעפּטל איז איינער אליין געבליבן פון סטעפּ.–ער איז געזעסן אין דער הויך אפ דער האַרבע ווייץ, פאַרבײַגעפאָרן דעם קאָלעקטיוו־הויף און פאַרקוקט זיך אפן כוטער.

שעפּטל האָט דערפילט, אז אין כוטער איז טומנע געוואָרן. אַמאָל, פאַראַיאָרן נאָך, איז דאָ אזוי פריילעך און שטיל געווען אין כוטער, וואָס האָט אים דאָ געפעלט פאַראַיאָרן?...

אין כוטער איז דאָך געווען אזוי גוט. צו יעדער הויף האָט זיך פאַרקערעוועט אן אויסגעפאָרענער שטויביקער וועג. דער וועג

איז באשאָטן געווען מיט ווייץ, מיט גערשטן, און די הינער מיט די געגנדז האָבן זיך געקליבן אַף די וועגן. ס'איז געווען שטיל. רויִק. אין יעדן הויף איז פאַנאַנדערלייגט געווען א טאָק, און מע האָט זיך דאָרט אַרומגעדרייט מיטן דרעש־שטיין. און איצט זעט ער, ווי סע פאַרוואַקסן די וועגן, די הויפן אין כוטער שטייען פוסטע, און דער וועג צום קאָלעקטיוו־הויף, זעט ער, ווערט אַלץ ברייטער און ברייטער און ס'איז דאָרט אַזוי טומלדיק. ער זעט ווי עלקע דרייט זיך דאָרט אַרום, און ס'ווערט אים שווער דער אָטעם.

ער האָט זיך פאַמעלעך אויסגעדרייט צום קאָלעקטיוו־הויף און לאַנג, לאַנג געקוקט. כ'האָבן זיך בא אים אָנגעהויבן פאַרגאַנווע־נען ספּייקעס, און ס'האָט אים עפּעס א ציִ געטאָן אהין. נאָר ער האָט א ציִ געטאָן די לייצעס און פאַרקערעוועט אַראָפּ גאַס.

— אָ, סאַרא פאַרביסענער ס'איז, — האָט מען פון קאָלעקטיוו־הויף אַף אים אָנגעוויזן.

— ער וועט נאָך באַראָטע האָבן.

שעפּטל האָט ניט געהערט.

ער האָט פאַרקערעוועט פאַרזיכטיק פאַרביַי די קאַנאַווע און איז גיך אַריַינגעפאָרן צו זיך אין הויף.

דריַי טעג האָט מען רעווידירט די טווע אין אַמבאַר. מע האָט איבערגעוויגן די גאַנצע ווייץ. דעם לעצטן טאָג, בעשאַס מע האָט געדאַרפט פאַרענדיקן, איז עלקע ניט אָפּגעטראָטן פונעם אַמבאַר, אלע וויַילע געקוקט אַף כאַנצען, געוואונדערט זיך אַף זיַין קאַלטבלוטיקייַט און געוואַרט מיט אומגעדולד, ביז מע וועט איבערוועגן דעם לעצטן זאַקראָט. ווילינאָוו האָט גיך אָנגעשאָטן איין זאַק נאָכן אַנדערן, געוואָרפן אַף דער וואָג, נאָכדעם אַרי־בערגעשלעפּט צו קאָפּלדינערן.

די גאַנצע צייַט האָט די וואָג געשטימט.

נאָר גאָר צום סאָף, באַם לעצטן זאַקראָט, האָט די וואָג ניט דערצויגן פערציק פוד ווייץ.

כאַנצע איז געבליבנ געפּלעפּט. ער האָט געשאָקלט די וואָג, צי זי ארבעט ריכטיק, ארומגעלאָפנ צווישנ די זאקראָמעס אונ מיטאמאָל זיכ אָנגעהויבנ שילטנ אונ זידלענ.

עלקע האָט געשוויגנ. זי האָט ניט אראָפּגענומענ די אויגנ פונ אים. דאָס האָט אימ נאָכמער אופּגעקאָכט, ער האָט פאוואָרנ דעמ צונג אונ געפילט, אז ער קאָנ איר גאָרניט זאָגנ. האָט ער מיטאמאָל א כאַפּ געטאָנ די שליסלעכ, א שלײַדער געטאָנ די שליסלעכ צו עלקעס פיס אונ איז ארויסגעלאָפנ פונ אמבאר.

עלקע איז נאָכ לאנג געזעסנ. זי האָט אפילע ניט געפינטלט מיטנ אויג. נאָכדעמ האָט זי זיכ אופגעהויבנ אונ איז צוגעגאנגענ צומ וואָג.

— איר זאָלט דערוויַל... איר פארשטייט, לאָמיר נאָכ צוווארטנ... מע דארפ דערוויַל ניט זאָגנ, איר פארשטייט...

זיי האָבנ צוגעשאָקלט מיטנ קאָפּ. נאָר פארנאכט האָט שוינ דער קאָלעקטיוו געוווסט, אז אינ אמבאר פעלט פערציק פוד ווייצ אונ מע האָט ביטער געשאָלטנ כאַנצענ.

אינאָוונט האָט עלקע צונויפגערופנ א פארזאמלונג. ס'איז געשטאנענ א באריכט פונ דער רעווידיר־קאָמיסיע. כאַנצע איז געזעסנ אפ דער לעצטער באנק מיט אנ אראָפּגעלאָזטנ קאָפּ אונ זיכ געשעמט באגעגענענ מיט עמעצנ מיט די אויגנ.

נאָכנ באריכט פונ דער רעווידיר־קאָמיסיע האָט מענ אימ געפרעגט, צי ער וויל א וואָרט. ער האָט קיינ וואָרט ניט גענומענ. עלקע האָט זיכ אלצ געדרייט דעמ קאָפּ, וויאזוי אויספּלאָנטערנ דאָ. נאָר די פארזאמלונג האָט באשטימט אראָפּנעמענ כאַנצענ פונ קאָמנעזאמ אונ אראָפּרעכענענ אימ צוביסלעכ די פערציק פוד...

כאַנצע האָט די גאנצע צײַט געשוויגנ. מערניט דאָס רעכטע אויסגערונענע אויג האָט שטארק אונטערגעפינטלט אונ אָנגעהויבנ נאָגנ.

נאָכדעמ האָט עלקע גענומענ א וואָרט. זי האָט געוואָלט דערמאָנענ די כוסעראנצעס זייער אמאָליק לעבנ אונ אויסמאָלנ זייי דעמ קאָלעקטיוו אינ א פּאָר יאָר ארום.

ס'איז געווען שטארק שטיל. מע האָט בוילעט געהערט, ווי ס'האָט געכריפעט דער בלעכענער וואנט-זייגער הינטער עלקעס פלייצעס.

— ביז איצט האָט איר געהאָרעוועט אף אָקסמאנען, אף בע-רעזינען, האָט איר געהאָרעוועט, איז אייער ברויט איז געלעגן בא זיי אין די גריבער. איז אף וועמען האָט איר געהאָרעוועט, אויב ניט אף זיך?

און איצט, כאוויירים קאָלווירטניקעס, איצט האָט אונדז דער קאָ-וואלעוסקער קאָלעקטיוו ארויסגערופן אף א סאָצגעוועט. נאָר אויב א סאָצגעוועט, זאָג איך, איז לאָמיר נעמען אזוי, אז די רעדער זאָלן טרעטשטשען, זיי האָבן שוין פיר וואלקעס ארויס-געפירט צום עלעוואטער, און מיר, כאוויירים, דארפן א נעם טאָן... פאר וועמען פירן מיר ארויס דאָס ברויט, פרעג איך, פאר וועמען, אויב ניט פאר זיך?

זי האָט גערעדט שטארק באגייַסטערט, ווי זי וואָלט געהערט דעם רויש פון די קאָמבייַנען אף די סטעפעס, ווי פאר איר וואָלטן זיך שוין דאָ אָנגעצונדן די עלעקטרישע לאָמפן אין די כוטערס, ווי ס'וואָלטן שוין דורכגעלייגט געווען די שאָסייען פון בוריאַנאָווקע קיין קאָוואלעווסק און פון קאָוואלעווסק קיין יאניסעל און ווײַטער. און ווײַטער.

די קאָלעקטיוויסטן זײַנען געזעסן מיט אָפענע מײַלער און ניט אראָפגענומען די אויגן פון איר.

און עלקע האָט אַלץ גערעדט און גערעדט. זי האָט געפילט אין זיך א שטארקע קראפט, און קיין זאך וועט זי איצט ניט אָפּ-שטעלן. זי דארף היינט קומען אף דער ביוראָ פונעם פארטיי-קע-מערל מיט א באשטימונג וועגן די ברויט-פארגרייטונגען און שטעלן די פראגע וועגן דער מכס.

נאָך דער פארזאמלונג איז עלקע אוועק קיין קאָוואלעווסק. אף צוועלף אזייגער באנאכט איז צונויפגערופן געוואָרן די ביוראָ פון פארטיי-קעמערל.

פארבײַגײענדיק, האָט זי פאַרקערעוועט צו שעפּטל קאָבילעצ.
אָפּ דער פאַרזאַמלונג האָט זי שעפּטלען ניט געזען, און זי האָט געפילט, אַז זי דאַרף, זי מוז אים עפּעס זאָגן...

— כ'וועל אים איבערמאַכן,— האָט זי געטראַכט,— ער וועט זיך בויגן.

שעפּטל איז ניט געווען. ער איז געווען אַוועקגעפאָרן אויף די כוטערס דינגען אַ מענטשן אויפן טאָק.

די אַלטע איז געזעסן אויף דער פּריזבע און אָנגעדרודלטע.

— ער איז ניטאָ?..— האָט עלקע שטיל איבערגעפרעגט און זיך פאַרלאָרן.

— פאַרנאַכט נאָך אַוועקגעפאָרן... סע כמאַרעט, און דער וואָרעך, ווי איז מיר, ליגט אָפּגעדעקט, אַט אַזוי דרייט זיך דאָס אַרום.

עלקע האָט זיך צוגעזעצט. זי האָט געפילט, אַז זי מוז אים זען. זי וועט צוּוואַרטן אַ ווײַלע, ס'מאַכט ניט, זי וועט ניט פאַר־שפּעטיקן. זי וועט דערווײַלע צודעקן דעם וואָרעך.

זי האָט זיך אויפגעהויבן, גענומען די ווילע און אָנגעהויבן צו־דעקן. גיך, גיך האָט זיך די ווילע באַוויזן אין אירע פעסטע הענט, און זי איז געווען צופרידן פונעם געדאַנק.

— מע דאַרף ניט. וואָס דאַרפט איר זיך מאַטערן זײַן... האָט די אַלטע זיך אויפגעהויבן, — אַ גרויסן דאַנק אײַך, אַז איך האָב קיין קויעך ניט...

אין הויף איז געווען שטיל און שטאַרק טומנע, ווי דאָס וואָלט געווען אין סאָוועטן־לאַנד דער לעצטער הויף פון אַן אינ־דיווידואַל. די געלבלעכע ועמליאַנקע איז געשטאַנען ניט אויס־געלאָשענע פענצטער און ס'האָט זיך געהערט ווי ס'קישען דאָרט אינוויינִיק אויף די שויבן די פליגן. אַך, ווי טומנע!

זי האָט צוגעדעקט דעם וואָרעך און אָפּגעטרייסלט די שטרוי פונעם שמאָלן שטײַפן קלייד.

— איר זאָגט זאָגן אײַער זון, אַז כ'בין דאָ געווען,— האָט זי זיך אָפּגערופן,— כ'האָב געוואַרט, כ'וויל אים זען.— זי איז אויף אַ

פאָר טריט און געפילט, אז זי דארף נאָך עפעס זאָגן און זיך אָפּגעשטעלט.

— אירט אים זאָגן, כ'דארף אים זען...

זי איז אוועק.

ווען זי איז ארויס פון הויף, האָט זי, דאכט זיך, אנמ[illegible] דער־זען יודל פיסקון, נאָר ער איז באלד ניט געוואָרן. שפּעטער, אפן סאמע עק כוטער, ווען זי איז פארביי יודל פיסקונס הויף, האָט זי באמערקט, ווי אין שטוב האָט זיך דאָרט אָנגעצונדן פייער און גלייך זיך אויסגעלאָשן.

ס'האָט איר עפעס א טיאָכקע געטאָן אין הארצן. זי האָט זיך דערמאָנט, אז זי האָט פארגעסן דעם בראונינג אין טיש־קעסטל.

הינטערן כוטער איז נידעריק איבערן סטעפּ צוגעפאלן א כמארנע שטאָק־פינצטערע נאכט. די נאכט האָט אויסגעזען, ווי א גרויסער מאסיוו אופגעריסענע שווארץ־ערד.

עלקע איז געגאנגען גיך. זי האָט זיך געסטארעט צונויפנעמען די געדאנקען. זי דארף היינט שטעלן אפ דער ביוראָ די פראגע וועגן אויסבויען א שול אין בוריאנאָווקע, וועגן דער מטס, וועלכע האָט ביז איצט קימאט ווי ניט באדינט דעם קאָלעקטיוו, וועגן... נאָר אין די געדאנקען האָט זיך אלע ווייַלע אריינגע־פלאָנטערט שעפּטל קאָבילעצ.

ארום, פון דעם שטארק שווארצן סטעפּ, האָבן ארויסגעקוקט איינציקע קאָפּיצעס.

ס'האָט עטוואָס אָנגעהויבן מאראקען.

עלקע איז אוועק נאָך גיכער.

— אין א פאָר יאָר ארום וועלן דאָ יאָגן אוטאָבוסן, — האָט זי א טראכט געטאָן. בייטאמאָל האָט פון אונטער א קאָפּיצע עפעס א שורכע געטאָן, און מ'האָט אויסגעשאָסן.

זי האָט געוואָלט לויפן, נאָר זי איז באלד אנידערגעפאלן.

איר האָט זיך אויסגעדוכט, אז ס'האָט א בליץ געטאָן און באלד וועט אָנהייבן דונערן, נאָר ווי רורך א נעפּל האָט זי בא־

מערקט א נידעריקן שאָטן איבערן סטעפּ, וואָס איז פארשווּנדן אראָפּ באַלקע.

זי האָט זיך געפרוּווט אופהייבן, זי האָט אַליין ניט געוווּסט, וואָס מיט איר טוט זיך. זי האָט קוים אופגעהויבן דעם קאָפּ. נאָר ס'האָט זי אָנגעהויבן הלושען אין די אויערן, זי האָט דער-פילט א שרעקלעכן ווייטעק אונ דער רעכטער האנט אונ איז גע־בליבן ליגן. פאר אירע אויגן האָט א פינטל געטאָנ דאָס פייערל אינ יודל פיסקונס כאטע, באַלד זיך אויסגעלאָשן. זי האָט א טאפּ געטאָנ דעם בראוּנינג, ניט געפונען אונ דערהערט מיטאמאָל עפּעס א רעדערן אפּן בארג. נאָר דער קאָפּ האָט זיך געדרייט אַלץ שטארקער אונ שטארקער, אונ דער ווינט האָט זי שרעקלעך געהלושעט אין די אויערן אונ ס'האָט א שמיץ געטאָן א שלאקס־רעגן.

רונד ארום האָט דער סטעפּ שטארק געאָטעמט מיט די שווארצע אופגעריסענע מעושעס אונטער דעם דורכויסיקן קאָלעקטיווּן פאר... אונ פונ אראָפּ בארג האָט זיך פונ די קאָלעקטיוויזירטע כוטערן געטראָגן אהער אונטערן רעגן אונ מיט א פייפעריי שעפטל קאָ־בילעץ, איינער אַליין פונ די קאָלעקטיוויזירטע כוטערן, ער האָט געפּייפט צו די פערד .. אונ אינדערהויך איבערן סטעפּ געשאָלטן זיינ פויערשע דאָליע...

